יודישע

# פאלקס־צייטונג

ט"ו טבת תרס"ג. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. 14 Januar 1903.



## 1903 אבאנעמענט אויף דעם נייעם יאהר 1903

אויף דעם נייעם יאהר געפונט זיך אין דעם פארטפעל פון אונזער רעדאקציע פיעל ארטיקלען פאר אלע אבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטארבייטער:

**י. דינעזאהן; ד"ר ה. ד. הורוויץ; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. ספעקטאר; ה. פינסקי אונ שלום עליכם.**

אויף דעם נייעם יאהר גיט די „פאלקס־צייטונג" איהרע יעהרליכע אבאנענטען א פרעמיע:

**אלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד אונ ביאגראפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאר 1 רובל מיט פארטא.**

די אלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט אונ אויסגעבעסערט פון מחבר, דרוקען זיך מיט נייע שריפט. מיט נקודות אונ אויף גוט פאפיער.

אבאנאמענטס־פרייז אונ אדרעסע געפינט זיך אין אנהויב פון יעדען נומער.

## חירורגיש-ארטאפעדישע אנשטאלט

## פון ד"ר רייכשטיין

נעהמט אן צו חירורגישע בע-האנדלונג אויסגעקרומטע שדרות און פיס; געלענק- און מוסקעל-קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאז, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער אר-טאפעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספעציאליסטען: קארסעטען, אפאראטען צו האנדע און פיסע (שיענען הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, אלערליי רופטור- און בויך-גארטעל א. ז. וו.

(131) 31 **לעשנא** 31 10—2

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**

50—8 עט פלאטעע־וואארען. (128)




---

עס ווערדען גע-זוכט אגענטען אויף זעהר גוטע בעדינ-גונגען.

איללוסט. פרייז-קוראנטען ווערדען פערזענדעט אומזאנסט.

**Контора фабрика каучуковыхъ штемпелей и гравернаго заведенія**

**Ш. Е. ФРИДМАНА**

Варшава, Бѣлянская 23.

10—9 (97)

---

## ד"ר מ. קעניגשטיין

**ווארשא, גראניטשנא № 6**

בעהאנדעלט האלז-, אויערען- און נאזען-קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה און 4—6 נאכמיטאג. אין דער היילאנשטאלט דזיקא 26 פון 2 ביז 3. (96) 50—9

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע.

ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

(25) 52—20

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ'ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

## Bracia Pryzment & Aleksander Lewin.

אליין פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד אונד פוילען

# טואלעט־זייפען אונד פערפומען

דער בעריהמטער פאבריק

# Gust. Stuermer

רעקאמאנדירען בעזאנדערס בלומענזייפען פערשידענער גערוכען וויא אויך **Semiramis** אונד א נייע סארט זייפע **Trianon** אויך אללע סארטען א־דע־קאלאן אונד **בלומענ-א־דע־קאלאן** אין פערשידענע גערוכען.

**Warszawa, Pasaż Simonsa skłep Nr. 11.**

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

יהושע טייטעלבוים דזיקא 18

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקעלן, אקסידירען, און בראנזי-רען פערשידענע מע-טאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע און פערזיל-בערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגייט און צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

נייעס! פערשיעדענע אויסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען-גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ ביללינ.

(99) 20—6

---

פאבריק פאן פייער-פעסטען

## אייזערנע קאססען



עמפפעהלט איהרע אויסארבייטונג נאך דעם נייעסטען סיסטעם קאנקורירט מיט דיא פרייזען אויף פער-גרעסער איך די N.N. עגען אנדערע פאב-ריקאנטען.

פרייז-קוראנטען פראנקא.

Щ. ХАРИ, Варшава

(102) Новолипье 40. 10—8

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות, קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3.75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Іешурунъ", Вильна**

**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland**

(45) 25—

---

## וויכטיגע בעקאנטמאכונג



פריש אנגעקומען: רויטע קארדינעלע צו 7 רובל, שווארצע צו 5 ר' כינעזישע סלאוויקעס 5 ר' זאלאנפעגעל מיט פראכט פעדערן 2 רובל א פאר. א פאר קליינע פאפוגאען 4 ר' פאפוגאען וואס לערנען זיך רעדען 6 ר', גילען וואס זינגען ליעדליך פון 10 ר', אנגא-רישע קעטין פון 10 ר', עלעגאנטע שטייגען פון 3 ר', קאנארקען גוט זינ-גענדע 5 ר', סאמיצעס 1.50 ר'. פיש גאלדענע, זילבערנע און אינלענדישע פון 5 קאפ', אקוואריומס פון 3 ר', גראטען פון 1.25 ר', שאטקעס 25 ק', באדע-הייזלעך 50 ק'. אייך מושלען צום אויס-צירען זאלע און אקוואריומס אין גרויסען אויסוואהל עמפפעהלט דער זעאלאגישע מאגאזין **ערנעסט פעשעל**, ווארשא, נאוואסענאטארסקא 7.

(124) 5—5

---

## וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14. אלע אפעראציא-נען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענומען ווערדען חירור-גישע קראנקע יעדען טאג פון 3-10 **פריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון 10—9 אונד 7—4.

(38) 26—17

---

## מיטלען צום לעבען.

דיא אלע לעהרעס וועלכע איך לעהרען מאכען: זייף (אייניגע סארטען), ברעז-עהל, **שוה־וואכס, וואנגען־שמיר, לאקיער** און נאך פערשיעדענע וויכטיגע איסארבייטונגען האב איך צוזאממען-געשטעלט אין א בוך פיר פרייז 3 רובל אלע ארטיקלען. איך אנטווארטע אויף פראגעס אונד שיקע ראה-מאטעריאל לויט פערלאנג.

(75) (10—8)

И. М. МАТУЗОНЪ

Варшава, Милая ул. 17.

---

Зеркальный фабрикантъ

ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,

Варшава, Сл изская 22

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

(104) 25—5

---

## הוצאת „תושיה".

# פרקי תלמוד

כריסטומתיה תלמודית למתחילים (כיה מנקדה), עם תרגום המלות התלמודיות ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות), ועם הערות מבארות את המקומות הקשים

מאת **א. ל. ביסקא.**

הספר הזה מכיל לקוטים שונים מן התלמוד: פתגמים, משלים, אגדות, ספורים, דברי מוסר וגם עניני הלכה, מסודרים בהדרגה נבונה מן הקל אל הכבד, ומחולקים לפרקים ושעורים; ולפני כל שעור מתורגמות המלים התלמודיות שתבאנה בו ברוסית ואשכנזית.

הספר הזה ימלא באמת חסרון המורגש מאד בספרות הפדגוגית, כי מלבד אשר יהיה בכלל כעין פרוזדור של הספרות התלמודית לאלה הרוצים להתעסק בלמוד התלמוד, נועד גם בעד הרוב הגדול של התלמידים העברים, שאינם יכולים להקדיש את זמנם ללמוד התלמוד עצמו והפצים לרכוש להם, מלבד ידיעתם בכתבי הקדש ושפת עבר בכלל, גם מושג נכון ע"ד הספרות התלמודית, רוחה, סגנונה ושפתה. גם יהיה לעזר לכל הרוצים להשתלם בידיעת שפתנו בתקופות התפתחותה אחרי כתבי הקדש.

מחירו 40 ק', מכורך 50 ק', בכבד 55 ק'. פארטא 6 ק'.

Книгоизд. „Тушія" Варшава

Verlag »Tuschijah« Warschau.

---

## שיין שרייבען

פערשיעדענע שריפטען ער-לערנט אין 20 לעקציאנען די ערגסטע צעבראכענע און געציטערטע האנד-שריפטען, עכט קאליגראפיע

## ש. טייטעלבוים

נייע מילע 38, וואהנונג 56.

(134) 4—1

# יודישע פאלקס-צייטונג

א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.





אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:

יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעססע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעססע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.



14 Januar 1903. Nr. 3. ט"ו טבת תרס"ג.




## נישט זיבערע זיבערהייט.

(פארטזעצונג)

ב.

אז איינער וויל פארזיכערען זיין פערמעגען פון א שרפה אדער ער וויל איבערלאזען א ירושה זיין פאמיליע, אויב ער שטארבט אהן פערמעגען, צאהלט ער אלע יאהר א געוויסע סומע געלד אין איין אסעקוראנץ-געזעלשאפט, און די געזעלשאפט בעצאהלט איהם זיין היזק, אויב עס מאכט זיך ביי איהם א שרפה, אדער צאהלט אויס א קאפיטאל זיינע קינדער נאך זיין טויד.

פון דעם ערשטען בליק קאן זיך אבגעבען, אז דער מענש, וואס צאהלט און די געזעלשאפט, וואס נעמט ביי איהם אסעקוראנץ-געלד, — ביידע שפיעלען ווי אין א לאטעריע. א מענש צאהלט, כדומה, 50 אדער 60 רובל א יאהר פאר א האלצערען הויז, וואס האט דעם ווערט פון 2000 רובל; ברענט דאס הויז נישט אב, אזוי קאן ער צאהלען א סך יאהרען גאר אומזוסט. פאר 20 יאהר בעצאהלט ער 50 מאל 20 = 1000 רובל, דאס הייסט, א העלפט פון דעם וואס ער קאן בעקומען פון דער געזעלשאפט, און אויב דאס הויז איז אין דער משך צייט חרב געווארען, אזוי ווערען זיינע טויזענד רובל גאר פשוט פארפאלען. עס טרעפט אבער אויך אמאל, אז איינער צאהלט און צאהלט, ביז איהם ווערד מיאוס צו צאהלען אומזוסט. 20 יאהר האט ער אקוראט אריינגעטראגען זיינע 50 קערבלעך אין די אסעקוראנץ-געזעלשאפט, אויף דעם 21-טען יאהר פרובט ער זיך א יאהר נישט צאהלען. און צום אומגליק, ברענט דווקא אין דעם יאהר זיין הויז אב, און ער בעקומט אפילו קיין פרוטה נישט. אמאל אבער קומט אויס פארקערט: די אסעקוראנץ-געזעלשאפט פארליערט, און דער וואס האט געצאהלט — פארדיענט א היבש קאפיטאל. ווען דאס הויז ברענט אב נאך איינעם אדער צוויי יאהר פון דער צייט, וואס מען האט עס פארסטראכירט. דער בעל-הבית פון הויז בעצאהלט בסך הכל 50 אדער 100 רובל און בעקומט גאנצע צוויי טויזענד רובל.

אזוי גיט זיך אונז אב, ווען מען קוקט אויף די גאנצע אסעקוראנץ פון אויבען אויף, נישט מיט א טיעפען, פארשטענדיגען בליק. באמת אבער קאן א גאנצע געזעלשאפט, א געזעלשאפט, וואס ווערד געגרינדעט צוליעב א גרויס געשעפט, נישט פארלאזען זיך אויף גליק, אויף א צופאל; יעדע אסעקוראנץ-געזעלשאפט בעמיהט זיך וואס וועניגער צו ריזקירען: זי רעכענט לכתחלה אויס, וויפיעל זי וועט בעקומען פון אלע צאהלער, און געוועהנליך, זעהט זי, אז זי זאל נאר א טהייל געלד פון איהר הכנסה אבגעבען פאר הזקות, און א טהייל זאל בלייבען ביי איהר אין קאסע. יעדע געזעלשאפט שטודירט און קען גאנץ גוט די געגענד, וואו זי נעמט צו אסעקוראנץ... זי מאכט, כדומה, א סטאטיסטיק און רעכענט אויס בערך, וויפיעל שרפות עס מאכט זיך א יאהר אט אין דער דאזיגער געגענד. זי זעהט אויך, וויפיעל בעלי-הבתים פארזיכערען זייערע הייזער, און אט נאך דעם חשבון שטעלט זי דעם מקח פון דער אסעקוראנץ. למשל: אין א געוויסען לאנד ברענען אלע יאהר אב הייזער איין ערך אויף א מיליאן רובל; מוז זי זעהען, אז מען זאל איהר איינצאהלען א מיליאן רובל און נאך מעהר (נאך הונדערט טויזענד רובל, למשל). אויב מען סטראכירט ביי איהר הייזער אויף טויזענד מיליאן רובל, נעמט זי פאר

טויזענד רובל 11 רובל א יאהר, האט זי זיך אסעקוראנץ-געלד א מיליאן מיט הונדערט טויזענד רובל. א מיליאן בעצאהלט זי הזיק די גשרפים און האט נאך א היבש ביסל פרנסה. טאמיר האט זי מעהר נישט אסעקוראנץ-געלד ווי פינף הונדערט מיליאן, אזוי מוז זי בעקומען פון יעדער טויזענד 22 רובל; טאמיר האט זי נאך וועניגער אסעקוראנטען, אזוי נעמט זי פון יעדער טויזענד רובל נאך מעהר. אבער אלע מאל נעמט זי אזוי פיעל, אז זי אליין — די געזעלשאפט הייסט עס — זאל נישט נאר נישט האבען קיין היזק, נאר זי זאל האבען פרנסה, ווארום זי מוז אריינלעגען א קאפיטאל אין געשעפט, גאראנטירען מיט דעם איהר רעעלקייט, און פאר איהר קאפיטאל, אויך פאר איהר ארבייט — ווארום סטראכירען איז פערבונדען מיט א סך ארבייט — מוז זי האבען בעצאהלט, און מיט רעכט, געלד.

פארשטעהט זיך, אז גאר אקוראט קאן מען נישט אויסרעכנען, וויפיעל שרפות עס וועלען זיין; דערפאר רעכענט טאקי די געזעל-שאפט די פרעמיע מעהר, ווי עס קומט אוים נאך דעם חשבון. ווען זי דארף נעהמען נאר 11 רובל פון טויזענד, ווייל זי רעכענט, אז בערך דארפען אפ ברענען אויף א מיליאן רובל הייזער, פארלאזט זי זיך נישט אויף נסים און בערעכענט פרעמיע 1 אדער 40 רובל, — איז זי שוין מעהר זיכער, אז זי וועט נישט דארפען דערלעגען פון אייגענעם קאפיטאל. טאמיר איז איין יאהר מעהר שרפות, איז דאס אנדערע יאהר דערפאר וועניגער,—פ א ר ד י ע נ ט די געזעלשאפט איין יאהר מעהר און איין יאהר פארדיענט זי וועניגער. פון הפסד, פון אנוועהר איז זי אלע מאל ווייט. מאכט זיך אבער, אז אין א געגענד ווערד זעהר פיעל שרפות, אזוי הערט די געזעלשאפט אויף צו צאהלען, זי מוז ווערען — באנקראט.

אזא פאל טרעפט אבער זעלטען, און די אסעקוראנץ-געזעלשאפטען מאכען געוועהנליך גילדענע געשעפטען. די אייגענע רעכנונג מאכט די געזעלשאפט, ווען זי סטראכירט פון טוירט.

(פארטזעצונג קומט).

ד"ר ח. ד. הורוויץ.

---

# די יודישע חברות און פארטייעס אין עסטרייך.

(פארטזעצונג. *)

די ערשטע פון די טרויעריגע סבות איז, דאס וואס די אליאנץ איז געגרינדעט געווארען און ווערד ביז איצט געפיהרט נים פון פאלק, נאר פון איינציגע בעלי-צדקות. די גרינדער און די איצטיגע פיהרער פון דער אליאנץ האבען נים געזארגט און זארגען נים פאר זיך, נאר פאר יענעם, פאר זייערע ארעמע, פערפאלגטע מזרח-ברידער. זיי אליין זענען רייכע, שטארקע יודען, זיי שאדט נישט קיין שום אנטיסעמיטיזם, קיין שום שנאה צו יודען, ווארום זייער עשירות, זייער געלד-מאכט שיצט זיי פון אלע צרות. און דאס ווייסען מיר שוין זעהר גוט, אז א בעל-צדקה, ער מעג זיין נאך אזוי גוט און פרום, בלייבט דאך אלץ א בעל-צדקה, דאס הייסט עס בלייבט ביי איהם דאך עפים א מין גדלות, א מין גרויסקייט, וועלכעס לאזט איהם נים, זיך צו צוהערען צום ווילען פון פאלק, צו די ווינשען און בעדערפ-נישען פון די ארעמע לייט, מיט וועלכע ער טהוט טובות. און דאס אייגענע זעהען מיר אויך ביי דער ארבייט פון דער אליאנץ. אמת, זי טהוט פיעל גוטס פאר די יודען, אבער דאס איז נאר א צדקה-געשעפט; וואס דאס פאלק טאר דערויף קיין קשיות נים פרעגען. לאמיר למשל נעהמען די שולען פון דער אליאנץ: זי וויל דורך די שולען אויסבילדען דאס יודישע פאלק. געפינען זיך אבער איצט אין

*) פון פאלקס-צייטונג Nr. 1

---

# פעליעטאן.

## יאזעף אין דער יודישער גאס.

(ענדע).

כדי דער כאראקטער פון אונזער יאזעפ'ן זאל נאך ליכטיגער ארוים, כדי זיינע טהאטען, וואס ער האט געצייגט דער יודישער גאס זאל א היסטארישען ווערט בעקומען מוזען מיר זיך בעקענען מיט זיין פלונית'טע מרת יאזעפיכע...

נים קוקענדיג, וואס יאזעף איז געוועזן א פראסטער, נים קיין גע-לעהרענטער און האט דעריבער נים פערדיענט דעם טיטול „מחסידי אומות העולם“, האט ער דאך אבער איין עהנליכקייט צו איינעם מחסידי אומות העולם יא געהאט, נעמליך צו סאקראטען. זיין ווייב איז געוועזן א מין גלגול פון סאקראט'ס ארורה, וואס האט נעבעך זיין לעבען פער-ביטערט, ווי די היסטאריע דערצעהלט אונז.

זי, יאזעפיכע, איז געווען דער הפך פון איהם. זי איז געוועזן איין אמת'ע אנטיסעמיטיכע, מיט אלע אנטיסעמיטישע איבערצייגונגען און פאר-אורטהיילען ... זי האט שטענדיג געשריגען אין איין קול, אז די יודען פון דער גאס האבען אריינגענומען איהר מאן צו זיך, ארבייט פאר זיי, ווי איין אכס, קענען זיך אהן איהם נישט בעגעהן אין זייערע שבת און פון אלע זיינע ארבייטען האט ער אפילו קיין „וואלאקע“ ערד נישט געקאנט קויפען, ווי די איבעריגע פויערען פערמאגען ... און, זי, יאזעפיכע מוז קויפען קארטאפעל אויפ'ן מארק, גלייך מיט אלע זשידאוקי'ס.

אט האט איהר אייך דעם זעלבען געשריי פון די אמת'ע אנ-טיסעמיטען וועגען דער יודישער עקספלאטאציאן און דוקא פון א פראסטער, נים געלעהרענטער גויה, וואס האט קיין גאזעט אפילו אין די אויגען נים אנגעזעהען.

ערקלערען פון וואנען האט געשטאמט יאזעפיכעס אנטיסעמיטיזמוס איז שווער. מיר מוזען עס ערקלערען מיט דער הילף פון דער וויסענשאפט, אז עס איז א ירושה... וואהרשיינליך זענען איה'רע עלטערן שונאי ישראל געוועזן און אין איהר פליעסט זייער בלוט... אנדערש שיקט זיך עס נים. ווייל יאזעף, דער אמת'ער אוהב ישראל, מיט וועלכען זי האט אבגעלעבט אלעבען, האט אויף איהר בשום אופן נים געקאנט ווירקען, זי זאל איבערבייטען איהרע „מיינונגען“... ער פלעגט נים זאלין קיין ווערטער, ריידען גוטס פאר איהר וועגען יודען, און אז ווערטער פלעגען צו איהר נים צושטעהן, פלעגט ער אונטער האלטען זיין פערטהיידיגונג מיט פאקטען, דהיינו, ער פלעגט איהר אנווייזען אויף די המוציא'ס חלה, וואס פלעגט זיך שטענדיג געפינען ביי זיי אויפ'ן טיש און פלעגט זאגען, האלטענדיג איין המוציא אין האנד:

— זעהסט! חלה הייסט דאס, דאס באקען נאר יודען און דאס האבען מיר זיי צו פערדאנקען, ווען נים זיי וואלטען מיר קיינמאל א שטיקעל חלה נים פערזוכט, וואלסט שטענדיג געקייט דאס ברויט מיט די מעקענע, וואס די קאנסט עד היום נים באקען. הייגט וואס ווילסט

יודישען פאלק א טהייל, וואס זאגען: בילדונג ווילען מיר, אבער די בילדונג, וואס אונזערע קינדער געניסען אין די אליאנץ-שולען זאל זיין א יודישע בילדונג, מע זאל דארט דער עקר'שט לערנען העברעאיש וכדומה, כדי אונזערע קינדער זאלען פון דארט ארויסגעהן יודען, ניט קיין פראנצויזען, ניט קיין דייטשען. די אליאנץ זאגט אבער צוריק: מיט קיין יודיש קומט מען קיין וועלט ניט דורך, דער עיקר'שט איז פראנצויזיש וואלט די אליאנץ געווען א פאלקס-ארגאניזאציע, אין וועלכער דאס פאלק זאל האבען א דעה, וואלטען איהרע שולען געווען פאלקס-שולען — דענסטמאל וואלט דאס רוב דעות פון פאלק גובר געוועזען און עס וואלט קיינעם קיין פערדרוס ניט געווען. אז דא איז אבער די דעה נאר ביי עטליכע בעלי-צדקות, שענע יודען, גבירים — טהון זיי, וואס זיי ווילען: ווילען זיי, לערנען זיי נאר פראנצויזיש און דייטש, ווילען זיי, מישען זיי צו אביסל יודיש אויך, מעהר וועניגער, ווי אזוי עס קומט ביי זיי אויס. און דאס פאלק האט קיין ברירה נישט: געפעלט איהם, איז גוט, אז ניט — מעג עס זיך מאכען אייגענע שולען.

די צווייטע סבה נעהמט זיך אויך דערפון, וואס ניט דאס פאלק אליין האט געגרינדעט די חברה, נאר אייניגע בעלי-צדקות. די בעלי-צדקות מיינען געוועהנליך, אז נאר דענסטמאל דארף מען העלפען די ארעמע יודען, ווען מע טאפט שוין אן די נויטה מיט די הענד, ווען דאס וואסער איז שוין איבער'ן קאפ. טאמער איז נאך די צרה ניט אזוי שטארק מסוכן, די נשמה קאן זיך נאך ווי עס איז דערהאלטען, שווייגט מען און מען זארגט ניט, וואס שפעטער וועט זיין. וואס זשע קומט דערפון ארויס? אז ווען די נויטה טרעט שוין צו צום האלז און דערשטיקט שוין, אז דאס וואסער גרייכט שוין איבער'ן קאפ, מוז מען אין דער גיך חאפען וואס עס איז טהון, ניט מאכען קיין סך קשיות, אבי עפיס טהון. קאן ביי אזא איילעניש עפיס ארויסגעהן באמת גוטס? נעהמט, למשל, די עמיגראנטען-פראגע: בשעת די רוסישע יודען האבען הונדערט-טויזענדער-ווייז אויסגעוואנדערט, האט זיי די ויענער אליאנץ אביסל געהאלפען, איצט, אז די צייטען זענען רוהיגער, מעג זיך שוין א רוסישער יוד צעהן מאל אבלויפען די פיס אין ויען, וועט ער פון דער אליאנץ קיין צוויי צעבראכענע פרוטות ניט קריגען. אויפ'ן ארט פון די רוסישע יודען זענען איצט געקומען די רומענישע עמיגראנטען, די אליאנץ גיט אויף זיי אויס הונדערט טויזענדע גולדען. און אויף וואס? נאר דערויף, אז מען זאל זיי ווי נישט איז אוועקשטויסען פון די אויגען, אוועקשיקען פון ויען, — וואוהין, וואס, נאך וואס, דאס זארגט די אליאנץ ניט; זי קאן דאס אויך איצט ניט אין זינען האבען, ווען די שרפה איז אזא שטארקע. פאר וואס זארגט אבער די אליאנץ ניט דענסטמאל ווען עס ווערד אביסל שטיל, ווען דאס פייער ווערד אביסל אבגעלאשען? פאר וואס זארגט זי דענסטמאל ניט, אנצוגרייטען ערגיץ אייניגע ערי-מקלט, וואוהין יודען זאלען קענען ענטלויפען אין א צרה? דאס איז טאקי די קשיא, וואס פיעל מענשען און בעזונדערס די ציוניסטען, פרעגען די אליאנץ. און דעם תירוץ אויף דער קשיא האבען מיר שוין פריהער געענטפערט די אליאנץ איז זעהר א גוטע חברה, אבער דאך נאר א צדקה-חברה, ניט קיין פאלקס-ארגאניזאציע, וואס איז פון פאלק אליין געשאפען. א פאלק קאן אבער ניט דורך צדקה געהאלפען ווערען. נאר דורך זעלבסטהילפע. וועט אמאל די אליאנץ איבערגעהן צום יודישען פאלק אין די הענד אריין — ערשט דענסטמאל וועט זי ווערען שטארק און רייך, ערשט דענסטמאל וועט זי פיעל טהון פאר'ן פאלק...

(פארטזעצונג קומט).

יעקב שאר

---

רו פון די יודען. הלואי זאל מיר גאט געבען געזונד און איך זאל שטענדיג פאר זיי קענען ארבייטען, נישקשה, זיי האבען עס פערדיענט ביי מיר...

נאר ניט קיין ווערטער און ניט קיין פאקטען האבען געהאלפען. יאזעפיכע איז געבליעבען ביי איהרע איבערצייגונגען, אז די זשידעס זענען א מיאוס פאלק, זי האט זי פיינד, זיי נארען אויס איהר יאזעפ'ן און פלעגט זיך שטענדיג קריגען מיט איהם, אז ער זאל זיי, די זשידעס הייסט עס, די צייהנער אויסרייסען: פאר יעדער לייכטער אראב נעמען— א רובל... נישקשה זיי האבען גענוג געלד, די זשידעס...

— אוי נאר, נאר, פלעגט יאזעפ לאכען, אז די יודען וואלטען האבען אזוי פיעל געלד, ווי דו מיינסט, וואלטען זיי מיך גאר ניט בעדארפען, רייכע זענען ניט אזוי פרום, ווי ארעמע... ווי איהר זעהט איז יאזעפ קיין נאר אויך ניט געווען... נאר ניט זיין חכמה וויל איך אייך בעשרייבען, דערום קעהר איך זיך אום צוריק צו זיין פלוניתטע.

די יודען פון דער גאס האבען געוואוסט יאזעפיכעס בעציהונגען צו זיי און מען האט איהר דערפאר געגעבען א שיינעם טיטול: „מכשפה". יאזעפ האט פון דעם טיטול געוואוסט און פלעגט נוט-הערציג שמייכלען.

נאר מיט דעם טיטול אליין האבען זיך נאך די יודען ניט בעגנוגנט: צו טיעף איז געווען זייער שנאה צו יאזעפיכען, און זיי פלעגען זיך בעמיהען אנמאכען א בייז-לעבען צווישען יאזעפ'ן מיט איהר:

— גט זי אב! האבען איהם די גאסינע ווייבער אמאל איין עצה געגעבען.

נאר יאזעפ האט זיי ערקלערט, אז ביי „זיי" גט'ן זיך איז ניט ווי ביי יודען „להבדיל". (דער להבדיל געהערט טאקי צו איהם)...

— ביי אייך, למשל, האט ער ערקלערט, אז יאסקע ביינושעס האט ניט געוואלט לעבען מיט דעם ווייב, זענען זיי זיך אוועק צום היענען רב, א טייכל האט איהר אין שטעדטל און פאר צעהן גולדען האט זיי דער רב גט געגעבען... אייער רב איז א טהייערער יוד... איך ווייס. איצטער האט יאסקע גענומען איין נייע ווייב—ציפה'ן, א טהייער-ווייבל, זי גיט מיר שבת א האלבע חלה אוועק און לענגט מיר אן אטעלער צימעס, אז איך קאן ניט אויפעסען. איך מיין ניט דעם צימעס, איך מיין נאר איהר טבע... ביי אונז אבער, להבדיל, דארף מען מיט א גט פאהרען, אזש צום פאבסט, ער וואהנט ערגיץ ווייט, איך האב פערגעסען, ווי די שטאדט הייסט און דער פאבסט איז א גרויסער יקרן, ניט ווי אייער רב... היינט די הוצאות! — עס איז שווער צו גט'ן זיך!

און די יודען פון אונזער גאס, וואס האבען געהאט א טבע צו זאמען לענען זיך און אויסהעלפען א מענשען אין איין אונגליק, האבען לכתחילה געמאכט א שמועס, מען זאל אויפמאכען געלד פאר יאזעפ'ן ער זאל זיך קענען פאהרען גט'ן. עס איז אבער דער פון נאר נישט געוואָרען. חייקעל יוסף, דער איינציגער וואס האט געלייענט דעם „המליץ" אין גאס, האט געזאגט, אז דער פאבסט וואהנט אין רוים און אין רוים פאהרען דארף קאסטען איבער 300 רובל באהן-געלד... פאר אזא סומע

# פאליטישע ענינים.

(רוזוועלט נעמט זיך נישט אונטער צו מאכען א פשרה. דער משפט שלום אין האג. נאך א טעם וועגען לאמזדארפ'ס רייזע. טשעמבערלען אין דרום אפריקא. שפאניע און מאראקא)

די איירָאפּעאישע רעגירונגען ווילען אלע דערהאלטען דעם שלום און ווענדען אן אלע מיטעל נישט צו דערלאזען צו קיין מלחמה. די דריי איירָאפּעאישע מלוכות דייטשלאנד, ענגלאנד און איטאליע אונטערהאנדלען שוין כמעט א חדש מיט דער קליינער מלוכה ווענעצועלא. נאר דעריבער ווייל זיי ווילען נישט קיין מלחמה. די ערשטע צייט, ווען דער אמעריקאנישער געזאנדטער באוועו האט פארגעטראגען דעם פּראעקט, אז דער אמעריקאנישער פּרעזידענט רוזוועלט זאל זיין דער מתווך צווישען די בעלי דינים און זאל אויסגלייכען די סכסוכים וואס איז צווישען זיי, האבען ענגלאנד און דייטשלאנד נישט באלד מסכים געווען, אבער נישט דעריבער ווייל זיי האבען געוואלט מלחמה האלטען, נאר ווייל זיי האבען נישט געגלויבט, אז קאסטרא דער פּרעזידענט פון ווענעצועלא, מיינט דאס מיט איין אמת, זיי האבען איהם חושד געווען, אז ער וויל נאר געווינען צייט, כדי ער זאל זיך דערווייל קענען צוזאמענגעהמען זיין חיל, דורכקומען מיט די מורדים און זיך פערזארגען מיט שפּייז און דערנאך ווידער טהון וואס ער וועט וועלען; היינט אבער אז זיי האבען דערזאגען, אז קאסטרא מיינט דאס מיט איין אמת זענען זיי אויך מסכים אויף א פשרה.

היינט אבער ווייל רוזוועלט נישט זיין קיין פשרה־מאכער, ווייל דאס וועט הייסען, אז אמעריקא אליין איז בידים מבטל דעם געזעץ פון מאנראע. ווי עס איז ידוע זאגט דער מאנראע־געזעץ, אז קיין שום מלוכה האט נישט דאס רעכט זיך אריינצומישען אין אינערליכע אינטערעסען פון אמעריקא, אז פרעזידענט רוזוועלט זאל זיך אונטערנעהמען צו מאכען די פשרה, הייסט דאס, אז ער איז מודה אז ענגלאנד און דייטשלאנד זענען א ביסל גערעכט און קענען זיך אריינמישען אין די אמעריקאנישע אינערליכע ענינים. דען ווענעצועלא ליגט אין אמעריקא און דעריבער איז געבליבען, אז מען זאל דאס איבערגעבען דעם משפט שלום אין האג, ער זאל מאכען די פשרה.

דער משפט שלום אין האג, וואס ביז נישט לאנג האט מען איהם געהאלטען פאר א פוסטע פאנטאזיע, וואס וועט קיין מאל נישט אויסגעפיהרט ווערען, הויבט־ביסלעך ווייז אן צו ווירקען. ביז איצט האט ער נאר אויסגעגלייכט קליינע סכסוכים, מען האט איהם נאר אנגעטרויט צו פסק'ענען דיני ממונות, ווי דער סכסוך צווישען רוסלאנד און אמעריקא וועגען בערינגשען ים, היינט אבער טרויט מען איהם שוין אן אפילו דיני נפשות, דער משפט שלום וועט הייסען און די צוויי גרויסע מלוכות וועלען איהם פאלגען און וועלען אבציהען זייער פלאטע פון די ווענעצועלאנישע פּארטען און מקיים זיין וואס מען וועט פּסקענען.

און צופסק'ענען קיין גרויסע זאכען וועט דער האגער משפט שלום נישט האבען, הייסען אוועקנעמען א שטיק לאנד פון ווענעצועלא וועט ער אודאי נישט, אפילו געלד וועט ער אויך נישט הייסען אויסצאהלען מיט א מאל, נאר אין טערמינען, ווייל קאסטרא טענה'ט טענת אין לי, וואס דאס איז די בעסטע טענה און דעריבער פאדערען די מלוכות טאקי נישט פיעל; דייטשלאנד וויל נישט מעהר, אז ווענעצועלא זאל איהר בעטען מחילה און זאל איהר אויסצאהלען 300,000 דאלאר און ענגלאנד איז מוחל אויף איהר כבוד און וויל נאר 40,000 דאלאר.ביידע מלוכות ווילען נאר מען זאל זייערע אונטערטהאנען בעצאהלען די הזיקות, וואס זיי האבען געהאט, און עס זאל זיין שלום.

אז עס זאל זיין שלום אין איירָאפּא וויל אויך רוסלאנד, וואס

האט זיך דער עולם דערשראקען, זאל זיין אפילו, אז הייקעל איז, ווי דער שטייגער פון א גאזעטציק, מגזם אויף א העלפט, נאר 150 רובל אפילו, איז דאך אויך ניט נאך די כחות, און דער עולם האט אויפגעהערט זוכען מיטלען און צו חלומ'ען וועגען אבגעט'ן יאזעפ'ן מיט יאזעפיכען.

— האט קיין מורא ניט! האט יאזעפ, גערידהרט פון יודישע גוטע פריינדשאפט, געזאגט, זי וועט אייך קיין בייז ניט טהון און איך וועל זיך ניט לאזען איבער ריידען פון איהר, איך בין אייערער. עס איז ניט נייטהיג קיין גט!...

אז יאזעפיכע האט זיך דערוואוסט, וואס די יודען האבען איהר געוואלט אנמאכען, איז זי געווארען אויפגערייצט ווי א ווילדע חיה, זי איז ארויס מיט א זידלערייי און געשריי אויפ'ן גאס און האט זיך געהאפט שלאגען מיט יעדען יודען:

— זשידעס; איהר וועט מיר מיין מאן אברייד'ען פון מיר! ניט „קיין־געצלמ'טע"! הונט! ווארט, ווארט! א קרענק וועל איך אייך איהם שוין לאזען געהן צו אייך שבת בעדיענען.

און דעם קומענדער שבת נאך דער מעשה איז טאקי יאזעפ געקומען מיט צוויי שעה שפעטער. ער האט דערצעהלט, אז זי איז ארויס, האט פערשפארט די טהיר פון דרויסען און האט געשריגען איהם דורכ'ן פענסטער.

— חאטש איך וועל ניט אריין, אבער דיר וועל איך ניט עפּענען די טהיר, וועסט א גאנצען טאג אין שטוב זיצען—דו וועסט ניט געהן צו די זשידעס. איך דארף ניט, זייערע חלה...

— איך אבער — האט יאזעפ — ווייטער מיט שטראהלענדע אויגען דערצעהלט — האב ארויס גענומען א האלבע פענסטער און האב זיך צו אייך ארויס געגנב'עט...

און דעם שבת האט יאזעפ מיט מעהר ענערגיע געארבייט, ווי אלע מאל: די לייכטער האט ער א האפ געטהון פון יעדעם טיש, ווי ער וואלט זיך געשפּיעלט מיט א זאך וואס איז איהם זעהר טהייער. עס איז געווען קענטיג, אז ער האט די צוויי שעה, וואס ער איז געווען פערשפארט, שטארק געליטען פון דעם געדאנק, אז ער וועט דעם שבת ניט קענען טהון זיינע ליעבע ארבייט...

איך האב דעם פאקט דא געבראכט כדי יאזעפ'ס אנדענקען זאל אויף לענגער ביי אונז בלייבען, ווייסענדיג ווי שווער עס איז איהם אויסגעקומען צו קעמפען, כדי צו בלייבען טריי זיין הומאנער אידעע, צו בעהילפיג זיין דער יודישער גאס און צו פערטהיידיגען איהר פון זיין ווייבס שלעכטע אנטיסעמיטישע מיינונגען...

אברהם רייזען.



האט צוליעב דעם געשיקט איהר מיניסטער גראף ל א מ ז ד א ר ף אין אויסלאנד, ער זאל דערהאלטען דעם שלום אין טערקיי און נישט צולאזען, אז עס זאל ווערען א שנאה צווישען דייטשלאנד און רוסלאנד.

רוסלאנד און דייטשלאנד לעבען כמעט שטענדיג בשלום. רוסלאנד, וואס איהר הויפט פראדוקט איז תבואות, פערקויפט א גרויסען טהייל פון איהרע תבואות אין דייטשלאנד, וועלכע האט זעהר ווייניג תבואות און דייטשלאנד פערקויפט ווידער א גרויסען טהייל פון איהרע סחורות, וואס איהרע פאבריקען ארבייטען אויס, אין רוסלאנד. אין די לעצטע פאר יאהר האבען זיך די ביסל דייטשען, וואס האבען לאנד, געפועל'ט, מען זאל ארויפלייגען צאל אויף פרעמדע תבואות. די כונה פון די דייטשען איז, זיי זאלען קענען בעהויפטען א גוטען מקח פאר זייערע תבואות. היינטיגעס יאהר האט מען נאך פערגרעסערט די צאל אזוי אז עס לוינט נישט די רוסישע תבואות־סוחרים צו שיקען אין דייטשלאנד זייערע תבואה. דערפון ליידט דער רוסישער האנדעל זעהר שטארק און עס קאן מיט דער צייט צוליעב דעם ווערען א גרויסע שנאה און אפשר נאך א מלחמה צווישען די ביידע גרויסע מלוכות און דער צוועק פון גראף לאמזדארפס רייזע איז דאס צו פערהיטען.

ענגלאנדס אינטערעסען איז אויך צו פערהיטען מלחמה. ענגלאנד ווייסט, אז דער נצחון איבער די בורען איז נישט קיין זיכערער כל זמן די בורען אליין וועלען נישט אויפהערען זיך צו האלטען פאר פרעמדע צווישען דעם ענגלישען פאלק און האט דעריבער געשיקט דעם קאלאניען מיניסטער טשעמבערלען, ער זאל מיט זיינע גוטע ארדענונגען, וואס ער וועט דארטען איינפיהרען, ווירקען אויף די בורען, זיי זאלען נישט נאכטראגען קיין שנאה אויף ענגלאנד. צוליעב דעם מאכט טשעמבערלען די בורען גרויסע הנחות. ענגלאנד איז מוחל כמעט אלעמען, וואס האבען זיך געגען איהר פערזינדיגט, בעצאהלט די היזיקות, וואס די בורען האבען געהאט פון דער מלחמה און צאהלט פענסיע די אלמנות, וואס זייערע מענער זענען אומגעקומען אין דער מלחמה און אלץ כדי צו דערהאלטען דעם שלום.

טהייער איז דער שלום ביי די אייראפעאישע מלוכות און דעריבער מישען זיי זיך לעת־עתה נישט אריין אין די מאראקאנישע פראגע; נאר די שפאנישע רעגירונג, וואס איהר זענען די אונרוהען אין מאראקא שטארקע נוגע, גרייט זיך צו. נאך די לעצטע ידיעות, וואס מעלדען, אז דער שולטאן פון מאראקא האט געהאט א גרויסע מפלה און ער בעפעסטיגט זיך אין זיין פאלאץ אין ט א נ ז ש ע ר, האט שפאניע בעשלאסען צוזאמענצונעהמען א גרויס חיל און שיקען אין די שטעדט: מ א ל א ג א, ק א ד י ך און א ל ז ש י ר א ס, וועלכע גרעניצען זיך מיט מאראקא און שיקט איהר פלאטע צו בעשיצען איהרע אונטערטהאנען אין מאראקא.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— מען לעגט פאר א פלאן, אז מען זאל אין סיביר איינארדענען וואנדער־שולען, דאס הייסט לעהרער זאלען ארומפאהרען פון איין שטאדט אין די אנדערע און לערנען מיט דעם אומגעבילדעטען עולם.

— אויף די לעצטע אסיפה, וואס איז געוועזען אין בארעסגלעבסק ביי די פארשטעהער פון דער „זעמסטווא", האט מען בעשלאסען, אז מען זאל מוסיף זיין די געהאלט פון די לעהרער אין די פאלקס־שולען ביז 300 רובל.

— אין די פעטערסבורגער גאסען שטעהען איצט אין פיעל ערטער אויסגעשטעלט „אויטאמאטישע ביבליאטהעקען" דאס זענען אזוינע ביב־ליאטהעקען, וואס פערקויפען ביכער אהן א מענשענס הילף. עס איז געמאכט א קאסטען מיט גלעזערנע טהירען, דורך וועלכע מען קאן זעהען די ספרים וואס מען קאן אין דער דאזיגען ביבליאטהעק בעקומען צו קויפען, אז מען גיט א דריק ביי א קנעפעל און מען בעצאהלט א גע־וויסען מקח קומט ארויס פון זיך אליין דאס בוך וועלכעס מען וויל.

— דער אויבער־פאליציי־מייסטער פון אדעסא האט בעפוילען, אז יעדען טאג זאל מען הייצען א באד פאר ארימע אומזוסט, כדי די ארימע לייט זאלען קענען לעבען ריינער און נישט קראנק ווערען פון די אנשטעקענדע קראנקהייטען.

— אין פעטערסבורג האט מען פארגעלייגט א פראיעקט, מען זאל אין 25 פערשיעדענע ערטער אין שטאדט דינגען וואהנונגען, אין וועלכע עס זאלען קענען וואהנען פון 1־20 ארעמע מענשען אין די פרעסט צייט, אין די וואהנונגען מוז שטענדיג זייןווארם וואסער, די דאזיגע וואהנונגען דארפען קאסטען 13,000 רובל.

— דער רוסישער קייזער האט געשאנקען 10,000 רובל פאר די אונטערדריקטע פראוואסלאווע אין מאקעדאניע.

— דער פרעזידענט פון דער פראנצויזישער רעפובליק לובע האט געשאנקען 16,000 פראנק פאר די וואס האבען געליטען פון די ערד ציטערניש אין אנדריזשאן.

— די פירמע פאזנאנסקי אין לאדז האט בעקומען א דאנק פון רוסישען קייזער פאר זייער נדבה 5 טויזענד רובל פאר די אונגליקליכע אין אנדריזשאן.

— דאס פינאנצמיניסטעריום אין רוסלאנד האט בעשטעטיגט צו פערווענדען אין דעם יאהר 1903 5,031,000 מיליאן רובל כדי צו פער־קלענערען דאס שכרות צווישען פאלק.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אין רוסלאנד האט בעשלאסען אויסצוגעבען 40,000,000 רובל אויף בילדונג.

— דעם 5 יאנואר 1903, לויט דעם רוסישען סטיל, וועט אין פע־טערסבורג זיין די ערשטע אספה פון די וועטערענארען־דאקטוירים, עס וועלען צוזאמענקומען 700 דאקטוירים.

— די דשומא אין אדעסא האט אויפגעהערט. פון דעם 23 טען אקטאבער איז מעהר קיינער אויף דער דשומא נישט קראנק געווארען.

— אין לאדז וועט דעם 10 יאנואר זיין א היגיענישע אויסשטעלונג, עס האבען זיך געמאלדען מעהר אלס 300 מענשען, וואס ווילען נעהמען איין אנטהייל אין דער אויסשטעלונג.

— פון 1903 וועט געהן פון פעטערסבורג נאך פאריז צוויי עקסטרא־ציגע מיט זעהר גרויסארטיגע וואגאנען, אויך בעזונדערע וואגאנען צום שלאפען, צום עסען און צו מאכען זיך וואנעס.

— אין רוסישען פינאנץ־מיניסטעריום בעהאנדעלט מען די פראגע, אויב מען זאל צולאזען די שילער, וואס האבען געענדיגט א האנדעלס־שולע אין די אוניווערזיטעט אין א טהייל פאקולטעטען.

— גראף ל. נ. טאלסטאי, וועלכער איז איצט קראנק, האט גע־בעטען, מען זאל אין די צייטונגען נישט ברענגען קיין ידיעות פון זיין געזונדהייט, ווייל עס איז איהם זעהר אונאנגענעהם.

— אין פעטערסבורג איז געקומען איין אגענט פון די אמעריקאנישע פירמא „ענערגיע" און האט געבעטען ביי דער שטאדט־פערוואלטונג, זי זאל איהם געבען דעם מאנאפאל (דאס הייסט, אז נאר ער אליין זאל

האבען דאס רעכט) אויסצומאלען פערשיעדענע רעקלאמעס אויף די וואלקענס מיט די שטראהלען דורך עלעקטרישע בעלייכטונג.

— מחמת די גרויסע שנייען, וואס זענען געפאלען אויף די באהנליניעס בערדיטשעוו—זיטאמיר, בערדיטשעוו—קאלענאווקא און נאך אנדערע, געהט דארטען די פאסט נישט דורך באהן נאר מיט פערד.

— די פערוואלטונג פון דער שטאדט ווארשא האט געליגען 46 מיליאן רובל אויף צו מאכען פערשיעדענע אררדענונגען אין דער שטאדט.

— די זאכסישע קראנפרינצעסין האט ערקלערט, אז זי וועט מעהר נאך זאכסען נישט צוריק קומען, זי וועט לעבען מיט איהר געליבטען דעם פראנצויזישען לעהרער זשירען. זי פערלאנגט, אז דער פאבסט זאל זי שיידען מיט איהר מאן דעם זאכסישען קראנפרינץ און איהר ערלויבען חתונה צו האבען מיט דעם לעהרער, כדי דאס קינד, וואס זי וועט געבארען זאל זיין א כשר קינד.

— דער ברודער פון דער זאכסישער קראנפרינצעסין, וועלכער האט זיין שוועסטער בעגלייט אויף איהר רייזע און איז מיט איהר צו־זאמען אוועק קיין זשענעווא, איז ווי די צייטונגען שרייבען, צוזאמענ־געקומען אין זשענעווא מיט זיינע א געליעבטע א שוישפילערין פריילין ווילהעלמינע אדאמאוויטש און ער האט אויך אוועקגעווארפען זיין פאמיליע.

— דער פאבסט האט געזאגט, אז ער וועט די זאכסישער קראנ־פרינצעסין נישט שיידען מיט איהר מאן.

— פאמיליע עמבער זענען שוין אין פאריז, די פריילין עווא עמבער האט מען בעפרייט.

— א טהייל פאריזער בלעטער מעלדען, אז פאול לובע, דער זוהן פון דעם פראנצויזישען פרעזידענט לובע האט געבארגט ביי מאדאם עמבער 2000 פראנק, אנדערע בלעטער ווידער לייקענען עס אב.

— נישט לאנג איז געשטארבען דער בעריהמטער פראפעסאר אויף נערווען און גייסטישע קראנקע באראן ריכארד פון קראפט־עבינג אוים וויען, צו 62 יאהר.

קראפט־עבינג האט געשריעבען פיעל מעדעצינישע וויסענשאפט־ליכע ביכער און האט ענטדעקט פיעל נייעס אין דער וויסענשאפט.

## II. יודישע נייעס.

— פון פיעל שטעדט אין רוסלאנד שרייבט מען אונז מען האט דעם היינטיגען חנוכה געפייערט מיט גרויס פאראר. דער הויפט אין די שטעדט ווארשא, טיראספאל, און יעקאטרינעסלאוו. אין דער לעצטער שטאדט האט מען איינגעלאדען דעם בעוואוסטען יודישען שריפטשטע־לער שלום־עליכם (ש. ראבינאוויטש), וואו ער האט פארגעלעזען איינינע זאכען פון זיינע נייע ווערק. אין אלע די שטעדט זענען געוועזען קאנצערט, מען האט געזונגען נאציאנאל־ליעדער אין העברעאיש און אין זשארגאן און מען האט געהאלטען רעדען וועגען פערשיעדענע יודישע ענינים.

— די רוסישע רעגירונג האט ערלויבט צו מאכען אין די יודישע קאלאניעס אין דרום רוסלאנד לייה־קאסעס, די קאלאניסטען זאלען האבען בילינע קרעדיט.

— דאס מיניסטעריום דעם אינערען אין רוסלאנד האט פערבאטען די ענגלישע מיסיאנערען אין ווארשא צו טויפען יודען, וועלכע זענען רוסישע אונטערטהאנען, אהן די ערלויבניש פון דעם מיניסטעריום.

— דער ווארשאווער גענעראל־גובערנאטאר האט ערלויבט די פערוואלטונג פון דער יודישער ווארשאווער געמיינדע צו קלויבען געלד אויף קוילען אין פסח'דיגע מעהל פאר ארעמע.

— דעם 15 טען יאנואר וועט זיין א גרויסארטיגער קאנצערט אין ווארשעווער „פילהארמאניע", די הכנסה פון דעם קאנצערט וועט געהן פאר די בילינע קיך אין ווארשא.

— אין דער קאמיסיאן פאר עמיגראנטען אין לאנדאן האט דער אינספעקטאר פון די פאבריקען אין מזרח לאנדאן, וואו עס וואהנען דאס רוב יודען, געזאגט, אז די יודען ברענגען זעהר פיעל נוצען דעם לאנד און נאר אנטיסעמיטען טראכטען אויף זיי אוים אלערליי בלבולים.

— די רומענישע רעגירונג האט געמאכט דעם פאריזער יודישען גביר לודוויג דרייפוס פאר איהר גענעראל־קאנזול אין פאריז.

— דער בעריהמטער יודישער מיטארבייטער אין דער כמעט גרעסטע צייטונג פון דער וועלט „טהיימס" אין לאנדאן, מ. ד. בלאוויץ, האט געהאט גרויס כבוד פון זיינע חברים די איבריגע מיטארבייטער אין „טהיימס", אין דעם טאג, וואס ער האט זיך אבגעזאגט פון זיין שטעלע. בלאוויץ איז א געבארענער אוים עסטרייך און האט צו ערשט געהייסען אפער. אין יאהר 1870 האט זיך בלאוויץ בעקאנט געמאכט מיט דעם ענגלישען שרייבער לאהרענס אליפאנט, דער יונגער אפער איז דעם ענגלישען שרייבער שטארק געפעלען און ער האט געפועל'ט מען זאל איהם צונעהמען אלס קארעספאנדענט אין „טהיימס", אפער האט זיך דענסטמאל א נאמען געגעבען בלאוויץ, אויף די שטאדט, וואו ער איז געבוירען געווארען. אין די 30 יאהר, וואס בלאוויץ איז געוועזען פאליטישער קארעספאנדענט, פלעגט ער צוזאמענקומען מיט די גרעסטע דיפלאמאטען פון אייראפא און איז געוועזען אויף אלע פאליטישע קאנ־גרעסען און קאנפערענצען.

— באראן אלפאנז ראטהשילד אוים פאריז האט נישט לאנג געפייערט זיין 50 יעהריגען יובילעאום זייט ער איז געווארען דער פאר־שטעהער פון דעם יודישען קאנסיסטאריום אין פראנקרייך.

— רומענישע יודען האבען געשיקט א דעפוטאציע צו דער בולגארישער רעגירונג און האבען געבעטען מען זאל זיי ערלויבען זיך צו בעזעצען אין בולגאריע.

— אין ארגעיעוו (בעסאראב. גוב.) האט מען פערמאכט איינינע „חדרים מתוקנים", ווייל מען האט דארטען געלערנט שפעטער ווי 5 דעם זייגער און ווייל מען האט מיט די קינדער געלערנט א חוץ יודישע וויסענשאפט אויך אלגעמיינע.

— אין אדעסא איז בעשטימט געווארען צו צעטהיילען פאר יודישע ארעמע לייט 35,000 פוד קוילען.

— אין ניו־יארק איז געשטארבען ה' אדאלף בנימין, ער האט זיין גאנץ לעבען זיך בעשעפטיגט מיט מציל זיין יודישע קינדער, וואס זענען אריינגעפאלען צו די מיסיאנערען אין די הענד אריין.

— 20,000 יודען אין פעץ (מאראקא), וועלכע דער מאראקאנישער סולטאן האט שטארק אונטערדריקט, זענען צוגעשטאנען צו דעם אנ־פיהרער פון די מורדים אין מאראקא.

## דער אנטיסעמיטיזם אין לובלין.

דעם ווארשאווער „איזראעליטא" שרייבט מען.

מיר שיקען אייך צו דעם דאזיגען בריעף, וואס זיין אינהאלט איז זעהר א מערקווירדיגער. אין בריעף שטעהט אזוי.

„לובלין, דען 18 אקטאבער 1902.

הערדן יאקוב יאקאב.

עס איז מיר זעהר אונאנגענעהם מודיע צו זיין דעם הערדן, אז איך בין געצוואונגען איהם אבצוזאגען פון דער שטעלע, וואס איהר האט ביי אונז, מחמת א געוויסער מענש, וואס האט גרויס שייכות מיט אונזער געשעפט פערלאנגט נישט אנדערש, אז מען זאל ביי אונז אין א קריסטליכע בוכהאנדלונג נישט האלטען קיין יודען.

עס טהוט אונז זעהר באנג פון אייך זיך צו שיידען, אין די קורצע צייט, וואס איהר זענט ביי אונז געוועזען, האבען מיר דערקאנגען ווי עהרליך, ווי ארדענטליך און ווי ניצליך איהר זענט און מיר זענען אייך

דערפאר זעהר דאנקבאר. ווייטער האלטען אבער קענען מיר אייך בשום אופן נישט. מיר ווינשען אייך גליק וואו איהר וועט זיך נאר ווענדען, מיט אכטונג."

נעהתמ'עט זענען די בעלי הבתים פון געשעפט.

וואס בעדייט דאס ?

דא איז א קליין מעשה'לע, א קליין מעשה'לע מיט א גרויסע וועהטיג.

העררי יאקוב יאקאב, וועלכער איז א לאנגע צייט געווען אין ווארשא א געהילף אין א בוכהאנדלונג און איז זעהר געניט אין דעם געשעפט, האט בעקומען א שטעלע אין דער בוכהאנדלונג פון ה' פ. ר. אין לובלין. דער בעל-הבית איז זעהר צופריעדען געוועזען פון זיין געהילפען און ה' יאקאב איז ביי איהם געווען איינינע חדשים. מיט א מאל האט זיך בעוויזען אין בוכהאנדלונג א געוויסער בעוואוסטער אנטיסעמיט, האט דעם בוכהענדלער אבגערופען אין א זייט און האט איהם געזאגט: פאניע, דו טארסט אלס גוטער קריסט נישט האלטען ביי זיך אין געשעפט קיין יודישען געהילפען. צוערשט האט אפילו דער בעל הבית גענומען טענה'נען:

— ס'טייטש וואס האב איך צו דעם מענשען, ער איז מיר איבער־געבען בלב ונפש, די גאנצע צייט, וואס ער איז ביי מיר, האב איך נאך אן איהם נישט דערגאנגען קיין שלעכט'ס וואס א האר ווערט, ער איז שוין מיט דעם געשעפט ווי איינגעוואכסען, וואו וועל איך דא אין לובלין בעקומען א קריסטליכען געהילף, וואס זאל זיין אזוי געניט אין עסק ווי ער וכדומה, עס האט אבער נישט געהאלפען. דער אנטיסעמיט האט אנגעהויבען אריינצוקומען טאג פאר טאג און אלץ גע'טענה'ט און געסטראשעט, אז ער וועט פון סעמינאריום קיינעם נישט לאזען קויפען ביי דעם "זשידאווסקי בוכהענדלער" אפילו קיין איינציגען ספר, ער האט אזוי לאנג גע'טענה'ט מיט איהם און געסטראשעט ביז דער בוכ־הענדלער האט געמוזט נאכגעבען, און דעם יודען אבזאגען פון זיין שטעלע און היינט געהט דער יוד ארום אהן ברויט.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ד"ר הערצל, ה' ד' וואלפזאהן דער דירעקטאר פון דער יודישער קאלאניאל באנק און נאך בעריהמטע ציוניסטען וועלען צו־זאמענקומען אין לאנדאן אויף איין אספה, וואס וועט זיין דעם 12 טען יאנואר.

— אין אמעריקא איז פערקויפט געווארען 10,000 שקלים ביי יודען, וואס געהערען נישט צו קיין ציוניסטישע חברה.

---

## קארעספאנדענציעס.

ביעל (שווייץ). אם 20 דעצעמבער האבען זיך 37 דעלעגירטע פון 13 ציוניסטישע פעראיינען אין דער שווייץ (בערן, פרייבורג, לוצערן, גענף, באדען און ציריך). פערזאמעלט אין ביעל. דיעזע אספה רופט מען דא "דעלעגירטען-טאג", וועלכער ווערד אבגעהאלטען איין מאל אין יאהר און וואס איז פאר דער שווייץ דאסזעלבע, ווי די מינסקער־אספה פאר רוסלאנד.

פונקטען, איבער וועלכע מען האט בעדארפט רעדען לויט דעם סדר־היום, זענען געוועזען פיעל, די צייט איז אבער קורץ געווע־זען, די גאנצע אספה האט געדויערט קוים 9 שעה.

פון דין־וחשבון זעהען מיר, אז די צאהל פון די ארגאניזירטע שווייצער ציוניסטען בעטראגט 600 און שקל-צאהלער — 710, מעהר מיט 200 אלס אין פאריגען יאהר.

דער "בודזשעט" דרעהט זיך צווישען 7 ביז 8 הונדערט פראנ־קען און פאר נאציאנאל-פאנד איז בערך 2 טויזענד פראנק געזא־מעלט געווארען.

די שווייצערישע ציוניסטען בעשטעהען אוס דרייערליי מינים יודען: אוס רוסישע סטודענטען, אוס פרעמדע איינגעוואנדערטע יודען, און צום קליינעם טהייל אוס געבוירענע שווייצער.

די יודישע ערציעהונג איז זעהר א נידריגע, — דער שווייצער יוד איז רייך און אסימילירט און דער ציוניזם וועט נאך לאנג דערי־פאר דא ניט פיעל מאכען.

פערשיעדענע פראגען פון סדר־היום זענען כלל ניט בע־שפראכען געווארען און אנדערע נאר גיך דורכגערעדט, ווייל עס איז נישט געווען קיין צייט.

יעדעס יאהר איז די אייגענע געשיכטע: שוין פון דער ערשטער מינוט אן ערקלערט דער פרעזידענט, אז מען מוז זיך איילען, ווייל עס איז ווענינ צייט.

כאראקטעריסטיש זענען די רעדען פון ד"ר ווייצמאן און ה' פינקוס: "עס איז שלעכט — מאכט ד"ר ווייצמאן — וואס מיר מוזען אזוי אפט ערקלערען, אז מיר ציוניסטען האבען גאר ניט געגען רעליגיאן. תמיד און תמיד קומען די פרומע מיט טענות, אזוי אז די פרייע פיהלען זיך ניט מעהר פריי. היינט ווילט איהר חנפה'נען די פרומע, ווייל איהר מיינט, אז זיי זענען די מעהרהייט, מארגען וועט איהר זוכען אריינצונארען די פרייע, אויב איהר וועט זעהען, אז זיי זענען די שטארקערע פארטיי: דאס איז ניט עהרליך, ניט זיטליך".

"איהר שרייעט תמיד, אז די מערב־יודען — זאגט פינקוס — זאלען העלפען די מזרח־יודען און אוס רחמנות ווערען ציוניסטען, דערמיט שטעלט איהר זיי העכער — בעת אין אמת'ן זענען די מערב־יודען פיעל נידריגער אלס יענע פון מזרח".

עס העלפט קיין טענות, — מעדיצינער ק. לעווי פערלאנגט דורכאוס, מען זאל דעם ציוניזם דא אין מערב־איירא-פא אין די הערצער אריינגנב'ענען!

דער זייגער שטעהט דערווייל ניט און מען געהט גיך איבער צו אנדערע פאקטען, וועלכע ווערען נאך גיכער בעהאנדעלט.

א גלענצענדעם פארטראג האט געהאלטען ד"ר פארבשטיין אוס ציריך איבער דעם "קליינעם קאנגרעס". ער האט אזוי פיעל וויכטיגע פראגען בעריהרט מכח די גרונד־יסודות פון ציוניזם, און דאך איז ניט מעגליך געוועזען איבער זיין פארטראג צו דעבאטירען — ווייל עס איז נישט געווען קיין צייט.

הייסעס בלוט האבען געמאכט אנדערע צוויי "געשיכטען", וועלכע האבען אייגענטליך ווענינ צו טהון מיט א "דעלעגירטען-טאג".

אין בערן עקסיסטירט א ציוניסטיש חברה'לע "קדימה", וועלכעס נאכטאנצענדיג די קריסטליכע סטודענטען וויל עס דאס יודישע פאלק ראטעווען דורך טרינקען (אויף יענעמס רעכנונג) און דועלירען — מיט'ן מויל און מיט די הענד.

מען דערצעהלט דא אלערליי עקעלהאפטע געשיכטען איבער דיעזען "ציוניסטישען" פעראיין. קומט איצט איינער, א פריהערער

מיטגליעדער פון יענער "חברה" — אונ שרייעט עפענטליך אויף א הויך קול, אז די "קדימה" גנבע׳ט נאציאנאלפאנד-געלד.

עס ווערד דערביי א שרעקליכער רעש: מען רעדט אהין—אהער אונ בעשליסט אויסצוקלויבען א קאמיסיע, וועלכע האט זיך צו בע־שעפטיגען מיט דיעזער "פראגע".

דא איז דערוויילע וויכטיג צו דערמאהנען, אז קדימה איז איין איינע "חברה", וועלכע האט אין דער לעצטער צייט א מודעה אפ־געדרוקט וועגען דאס ארויסגעבען פון א נייעם האלב-יעהרליכען העברעאישען זשורנאל "ציון". איינער פון די רעדאקטארען שרייבט זיך דארט אונטער דאקטאר זאלקינד — דיעזען טיטעל האט ער אבער נאך ניט בעקומען. דער וואס האט רחמנות אויף דיעזער "חברה" מעג זיי שוין צושיקען דאס אבאנאמענט-געלד. אפשר וועט דאס העלפען, אז "רעדאקטאר" (ר״ל!) זאלקינד זאל קענען ענדליך דאק־טאר ווערען.

אונ איצט נאך א געשיכטע: אם פאריגען יום-כפור האבען עטליכע מיטגליעדער פון "אקאדעמישען ציוניסטען פעראיין" אין בערן זיך פארזינדיגט פאר גאט — זיי האבען געגעסען.

וואס טהוט גאט? איז פאראן איינער א ד״ר זעליגער, וועלכען עס איז ניט געלונגען צו ווערען ציוניסטישער ראבינער — ווערד ער אנטי-ציוניסט אונ בעפאלט אין דער שמוציגער צייטונג דער "איזראעליט", (וועלכער האט ערשט ניט לאנג חושד געוועזען די יודישע באנק אין גנבה) דעם גאנצען ציוניזם.

געפינט זיך אבער א ציוניסטישע קראפט א פריהערער קאנ־גרעס-דעלעגירטער ד״ר שויער אויס מיינץ, וועלכער זוכט צו פער־טיידיגען דעם ציוניזם דורך דעם, וואס ער בעשמוצט די גאנצע פראקציע, דורך דעם, וואס ער שטעלט ארויס אלע פראקציאנערען אלס שלעכטע, פארדארבענע מענשען. איהר פערשטעהט וואוהין דאס קאן פיהרען?

אויסער דעם שרייבט ער דארט — אין דעמזעלבען שמוציגען בלאט — אז די פראקציאניסטען זענען אסימילאטארען!

עס קומט אויס אז דער ראבינער שיינקען — איין אסימילאנט! כהן-בערנשטיין — איין אסימילאנט! אידעלסאהן — איין אסימילאנט! קלויזנער, ראזענפעלד א. ז. וו. זענען אסימילאנטען!

ד״ר פארבשטיין — ווייזט אויס — האט איין אנדערע מיינונג (הגם ער איז אויך ניט קיין פראקציאנער) אונ ער מיינט, אז דער "ליעבער הויכגעשעצטער" ד״ר שויער האט קיין רעכט אין נאמען פון ציוניזם די ציוניסטישע יוגענד צו מסר׳ן אונ ער פערלאנגט א שווערען פראטעסט געגען דיעזען שויערליכען "ציוניסט".

וויעדער א רעש, וויעדער א געפילדער אונ פארבשטיינס הצעה ווערד מיט גרויסער מעהרהייט אנגענומען.

אט דאס איז דער דעלעגירטען-טאג אין דער שווייץ! צי וועט ער אונז ווייטער פיהרען? איך בין שטארק אין ספק. יעדענפאלס מוז מען מודה זיין, אז ער קאן שטאלץ זיין דארויף, וואס ער האט אפען געשפראכען איבער דאס פיעלע שמוץ אין ציוניזם, וועלכען ניט-ריינע ציוניסטען ברענגען אריין אין אונזער הייליגע בעוועגונג, וואס ער האט אפען ערקלערט, ווי אזוי ער דענקט פון אזא מין דאקטאר שויער, וועלכער האט די העזה זיך ציוניסט צו רופען.

דער זעכסטער ציוניסטען-קאנגרעס איז שוין ניט ווייט. עס איז גוט, וואס מיר געוואהנען זיך שוין איצט עפענטליך ארויסצוזאגען וואס מיר דענקען, וואס מיר פיהלען.

אין דיעזען זין איז דיעזער "דעלעגירטען-טאג" געוועזען א וויכטיגער פאקט.

אונ אז די ציוניסטישע לופט וועט ריין, געזונד ווערען, וועט דער ציוניזם אויך אין דער שווייץ שטארקער ווערען.

י. ווארטסמאן.

---

# פארט א קינד!

(ערצעהלונג).

מיט מיר אויף איין פוהר איז געפאהרען איין אלטינקע יודענע, מיט איין איינגעדארטע געלבע געזיכט, זעהר ארעם אנגעטהון אונ פארוויקעלט מיט א גרויסע פאטשיילע אויף א בעיאהרטע.

עס איז געוועזען פארנאכט. דער הימעל איז פארוואלקענט אונ עס נעמט אזא קעלט, וואס שווידערט דורך.

אונזער פערדל געהט טריט ביי טריט אונ עס ארט איהם גאר ניט, וואס איך האב קיין הנאה ניט פון מיין רייזע.

דער בעל עגלה טרייבט ניט זיין "בהמה". ער זאגט, אז אויף איהר איז אויך א רחמנות: צער בעלי-חיים!

איך האב ניט ווילענדיג אנגעהויבען בעטראכטען מיין וועג־בעקאנטע.

אויף איהר געזיכט איז געלעגען אזא מין אומוט, וואס מען טרעפט עס נאר אויף יודישע פנים׳ער.

ווי עס שיינט, איז איהר אויך געווען לאנגווייליג אונ זי האט געוואלט מאכען א שמועס.

— וואוהין פאהרט איהר? — האט זי מיך געפרעגט.

— קיין נ.

— איך פאהר אויך אהין, איך בין טאקי פון נ.. אפשר מעג מען וויסען, צו וועמען פאהרט איהר דאס אין נ.?

איך האב איהר אנגערופען א פאמיליע. זי האט אביסעל געטראכט, ווער קאן דאס זיין. נאר נאכדעם האט זיך דערמאנגען, אז זי איז מיט מיין קרוב גוט בעקאנט, אז זי פארדיענט דארטען א מאל א גולדען, אז איהר מאן קריגט דארטען אפט א גמילות-חסד, אונ נאך פיעל זאכען האט זי מיר דערצעהלט פון מיין קרוב, וועלכען איך האב ווייניג געקענט.

נאר דיעזער שמועס האט זיך גיך געענדיגט.

א היבשע צייט איז זי וויעדער געזעסען שטיל, אומוטיג אונ פארטראכט.

עס איז געווארען גוט פינסטער אונ פערשיעדענע געדאנקען זענען געפלויגען אין קאפ.

פלוצלינג האב איך דערהערט, ווי מיין אלטינקע רעדט צו מיר:

— האט ניט פאראיבעל, וואס איך וויל אייך פרעגען...

— פרעגט, שטערט אייך ניט.

— טאקי אמת, אז אלע יודען האבען א חלק לעולם-הבא?

— אזוי שטעהט אין דער גמרא.

א רגע האט זי געשוויגען, נאכדעם האט זי ווייטער געזאגט:

— אבער דער מענש וואס האט אויף זיין לעבען פיעל געזינדיגט, זייער פיעל, קאן זיך אויסלייטערען אמאל?

אין דעם טאן פון דיעזער פראגע האב איך בעמערקט, אז דאס איז ניט א פראסטע נייגיעריגקייט, אז די דאזיגע אלטינקע האט פיעל געטראכט וועגען דעם.

איך האב איהר געענטפערט, דאס אין ספרים שטעהט, אז דער רבונו־של־עולם רעכענט אב דעם מענשען די צרות, וואס ער האט געליטען אויף דער וועלט, און דערפון ווערד די צאהל פון די זינד וויינינגער, אז א מענש קאן טהון תשובה...

ביי די לעצטע ווערטער מיינע האט די אלטינקע א זיפץ געטהאן, אונ גלייך האט זי געזאגט:

— דאס איז דאך מיין אומגליק, וואס ער האט נעבעך ניט אויספייעט תשובה צו טהון... אפילו אהן ווידוי געשטארבען...

איך האב זעהר געוואלט וויסען וועגען וועמען זי רעדט, נאר פרעגען האב איך מורא געהאט.

נאר ווי עס ווייזט האט זי אליין געוואלט דערצעהלען, נאר זי האט געזוכט עפיס איין הקדמה. עס איז איהר געווען עפיס שווער זיך אויסצורייידען דאס הארץ פאר א פרעמדען.

— איהר זאגט: גאט רעכענט אב די צרות וואס דער זינדיגער מענש לייד'ט... אויב אזוי...

זי האט קיין ווערטער ניט געפונען, ווי אויסצודריקען איהר געדאנק. אין א ווייל'ע ארום האט זי געזאגט:

— אלץ איז מזל! ווערד א מענש געבארען אין א גוטען מזל, לעבט ער אב זיין לעבען גוט אונ האט אי די וועלט אי יענע וועלט: אבער אז דאס מזל איז פינסטער — געהט מען אונ מען פאקט...

— מען זאגט: קינדער ווענדט זיך אן עלטערן... טאמער איז א קינד שלעכט, איז די מאמע שולדיג, דער טאטע. ווייס איך? גלויבט מיר אז ס'איז א נארישקייט, אלע טאטע־מאמעס ווילען האבען גוטע קינדער, נאר ניט אלעמען העלפט גאט...

— מיין מאן איז א קארבעלניק, נאר מיט אזא גוטען נאמען זאלען זיינע אייניקלעך זיין! א פרעמדער גראשען איז ביי איהם ערגער ווי חזיר... אונ איך וועל בעסער ליידען דריי טעג הונגער איידער אנקומען צו לייטען. פונדעסטוועגען אז גאט האט געוואלט איז אונזער זוהן געווארען א...

זי האט דאס לעצטע ווארט ניט ארויסגערעדט אונ האט זיך א ווייל'ע אבגעהאלטען. נאכדעם האט זי שטיל גערעדט, ווי צו זיך אליין:

— אפשר איז מיין אומגליק געווען, וואס מיין קינד האט ניט געהאט, ווי אנדערע, דעם טאטען אין דערהיים... אומשטיינס געזאגט, וואס קאן א מאמע טהון?...

— מיין גאנצער איינגענס איז געווען צוויי שטיקלעך קינדער: ער, עליו השלום אונ איין עלטערע טאכטער, זאל זי זיין צו לענגערע יאהר. ער איז געווען קליינערהייד א גאלדען קינד, שען אונ קלוג מיט אלע מעלות. נאר וואס העלפט עס, אז קיין מזל איז ניט דא?

— ער איז עלטער געווארען, אוועק אין חדר. דער מלמד האט פון איהם געקוואלען. מיר זענען געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. אומשטיינס געזאגט, וואס איז דעם מענשענס לעבען? וואסערע פארגעניגענס האט מען? דער גאנצער שטיקל נחת איז א קינד...

שווער איז אונז געווען צו צאהלען שכר־למוד, נאר בעסער איין מאל אין טאג א שטיקל ברויט צו עסען, אבי מיין קינד זאל געהן אין א רעכטען חדר. נאר ווען ער האט שוין געדארפט אנהייבען גמרא. האב איך זיך קוים מיט צרות איינגעבעטען, מען זאל איהם צונעמען אין חדר. דער מלמד האט אלץ געהאט נגיד'ישע קינדער.

אויפ'ן צווייטען זמן האט דער מלמד איהם ניט געוואלט האלטען. ער איז ניט שולדיג. די קינדער פון חדר האבען זיך געקלאגט, אז מיין שמעונקע שלאגט זיי, ער איז טאקי געווען א שלעכט קינד. איהם פארטשעפען איז געווען א מורא. נאר ווער ווייסט, אפשר איז ער גאר ניט אזוי שולדיג געווען. אפשר האט איהם נעבעך פארדראסען. וואס די איבעריגע קינדער גיהען שענער געקליידט. עסען בעסער פון איהם ווער ווייסט?

מילא, וואס האב איך געזאלט טהון? מן הסתם בין איך ביי גאט בעסער ניט ווערט... האב איך איהם אבגעגעבען אין תלמוד־תורה. מיט וואס איז ער מעהר יחסן פון אלע ארעמע קינדער?

נאר לערנען האט ער ניט געוואלט, אונ אין תלמוד־תורה איז ער גאר ווילד געווארען. פלעגט קומען מיין מאן אויף שבת, פלעגט ער איהם שלאגען מיט אזא כעס, אז מיר פלעגט פארגעהן אין הארצען. מיין מאן איז ניט קיין שלעכטער, נאר א כעסן. איך בין דאך אבער א מאמע, פלעג איך אפט ניט דערלאזען. „געדענק" — פלעגט מיין מאן שרייען — „דו וועסט חרטה האבען! פון איהם וועט ארויס וואכסען... איך וויל פון מיין מויל ניט אויסריידען, וואס". נאר וואס זאל איך וויסען? איהר ווייסט דאך: א מאמע איז פארנארט...

בקיצור, איך האב געזעהען, אז ביים לערנען וועט ער שוין ניט בלייבען, איז ביי מיר רעכט געווארען איהם אוועק געבען צו א בעל־מלאכה. זאל ער זיין א פראסטער אבי איין עהרליכער יוד...

איך האב איהם אוועקגעגעבען צו א שניידער. פון אנהויב איז געווען נישקשה. נאר אין א פאר חדשים ארום האט דער שניידער איהם ניט געוואלט מעהר האלטען: ער פאלגט ניט, ער פערשווייגט ניט, אז מען רעדט איהם אויס א ווארט, ער איז ניט ווי אלע קינדער.

— געה איך צו נאך א שניידער, דערנאך צו א סטאליער, צו א שלאסער, נאר אויף קיין ארט קאן ער זיך ניט איינהאלטען. אזוי האב איך זיך מיט איהם אבגעמוטשעט צוויי פינסטערע יאהר. ער איז שוין אלט געווארען פיערצעהן יאהר.

בלייבט שוין ביי מיר, ער זאל פאהרען מיט'ן פאטער איבער די דערפער. עס איז אפילו קיין פרנסה ניט אונ שווער איז דערפון צו פארדיענען א שטיקל ברויט, נאר וואס קאן איך מאכען? אז גאט וויל אזוי, זאל זיין אזוי!

פאהרט ער. עס געהט אוועק א פאר חדשים: שטיל. דער מאן דערצעהלט מיר, אז אין די דערפער קענען זיך די ערלים ניט אבלויבען פון מיין זוהן. ער איז א חוואט! א דאנק גאט דערפאר!

עפיס איינמאל א פרייטאג זענען זיי געקומען פון א דארף אונ איך האב בעמערקט, אז ביי מיין שמעונקען איז דער גאנצער פנים

אין סיניאקעס אונ דאס רעכטע אויג פארשוואלען. דער מאן איז אין כעס. איך פערשטעה שוין, אז דא איז עפּיס געווען. איך נעם פרעגען, וואס איז עס פאר א מעשה, פאלט ער, מיין מאן הייסט עס, אויף מיר ארויף מיט קולות אונ שווערט זיך אב, אז מעהר נעמט ער איהם ניט מיט זיך...

ערשט וואס איז געוועזען? אזוי ווי זיי זענען אריין געפאהרען אין עפּיס א דארף, האט מיין מאן געלאזען איהם אויפ'ן וואגען אונ איז אליין ערגיץ אוועק. דארף זיך עפּיס א שייגעץ פארטשעפּען מיט איהם. וואלט ער האבען שכל אונ פארשוויגען, וואלט גאר ניט געווען. וואס זאל מען טהון? א יוד איז אין גלות: ער דארף ליידען אונ שווייגען. נאר ער איז דאך מעהר ניט ווי א יונגל, האט ער גע געבען צוריק... נו, נו, וואס קלערט איהר? — זענען דאך אנגעלאפען מסתמא נאך שקצים אונ מען האט איהם געהרג'עט ביז טוידט, מיין מאן זאל ניט אנקומען, וואלט ער קיין לעבעדיגער פון זייערע הענד ניט ארויס.

בלייבט ער שוין זיצען אין שטוב. ער געהט ארום ליידיג, פוסטעפּאס. דאס הארץ רייסט מיר קוקענדיג, נאר וואס קאן איך העלפען? איך רייד, איך זאג מוסר; ער שווייגט אונ לאזט אראב דעם קאפּ. אמאל, אז עס נעמט איהם ביים הארצען, הויבט ער אן צו וויינען — אונ רעדט גאר ניט. קומט שבת, געהט ער נעביך אוועק פון שטוב, ווייל ער טאר זיך ניט ווייזען פאר'ן טאטען. „איך וויל איהם ניט קענען!" — שרייט ער.

אזוי איז ער ארומגעגאנגען ליידיג א גאנצען זומער. אונ דא האט מיך די קויל געטראפען! איך קאן אייך ניט זאגען, ווי אזוי דאס איז געוועזען, גענוג אז איינמאל אין א מארק־טאג האט מען איהם געחאפּט גנב'נדיג פון א וואגען, אונ דער אוריאדניק האט איהם אריינגעזעצט... איך בין ארום געלאפען ווי א משוגע'נע, איך האב ניט געוואוסט אויף וואסער וועלט איך בין... מען האט איהם ווי עס איז, מיט צרות, אויף מארגען ארויסגעלאזען.

פרייטאג איז געקומען מיין מאן. ער האט זיך דערוואוסט פון דער מעשה... איז ער אויפגעברענט געווארען ווי א פייער. ער האט נאר געשריגען: „וואו איז ער? וואו איז ער? איך וועל איהם מיט מיינע הענד דערשטיקען. איך וויל ניט קיין זוהן א גנב!"... א גאנצען שבת האט ער גאר ניט געגעסען אונ איז ארומגעגאנגען ווי משוגע, געבראכען מיט די הענד אונ זיך אלע ווייל געהאפּט פאר'ן קאפּ... איך האב געמיינט, ער וועט דאס ניט אויסהאלטען. פאר'ן אוועקפאהרען האט ער מיר אנגעזאגט, אז איך זאל איהם אויף מיין שוועל ניט ארויפלאזען, אז ניט וועט ער, שונא ישראל, זיך א מעשה אנטהון... ווי קלערט איהר? מיר איז געווען גוט פון ביידע זייטען...

ער ווידער האט שוין אין שטעדטל ניט געקאנט בלייבען: עפּיס א קלייניגקייט דער נאמען „גנב"! האט ער נעביך געמוזט אוועקפאהרען. וואוהין? האב איך א פּלימעניצע אין ווילנא, בין איך זיך מישב אונ שיק איהם קיין ווילנא.

אונ דארטען איז ער נעביך בעגראבען געווארען! וואס זאל איך אייך פיעל דערצעהלען? אין א יאהר ארום האב איך זיך דערוואוסט, אז ער זיצט אין טורמע... נאכדעם איז ער ארויס, אונ ווידער אריינגעפאלען אין זייערע הענד, ביז מע האט איהם נעביך פארשיקט אויף 4 יאהר „ארעסטאנסקי ראטע"...

איהר קענט פארשטעהן, ווי מיר איז געווען אויפ'ן הארצען. איך האב דאך מעהר ניט געהאט ווי איין זוהן — נאר גלויבט מיר, אז איך אליין האב אויף איהם דעם טוידט געבעטען. מיין מאן האט כלומר'שט געזאגט, אז איהם ארט גאר ניט, נאר פונדעסטוועגען איז ער ארומגעגאנגען שווארץ ווי די ערד...

צום סוף האט גאט רחמנות געהאט. ער איז קראנק געווארען אונ געשטארבען. אט דאס איז דער סוף פונ'ם מענשען! שוין דאס צוועלפטע יאהר נאך זיין טויט.

די אלטינקע איז ענטשוויגען געווארען. זי האט איהר ערצעהלונג געענדיגט אונ געזיפצט. איך האב שוין ניט געזוכט פון וואס צו טראכטען, מיר האט פערנומען דער געדאנק וועגען א מוטער־הארץ; איך האב שוין פערשטאנען, אז די ארעמע מוטער זארגט נאך פאר איהר קינד נאך זיין טוידט...

די אלטינקע האט אזוי ווי געטראפען, וועגען וואס איך טראכט. באלד האט זי ווי צו זיך געזאגט:

איך זיץ אפּט אונ וויין, ווען איך דערמאן זיך אן איהם. מיין מאן זאגט: „די דארפסט פערגעסען!" עס איז גרינג צו זאגען: פארגעס. איך קלער נאר: צי לאזט מען איהם חאטשע רוהיג ליעגען אין קבר?... צי וועט ער זיך א מאל אויסלייטערען? עס איז דאך פארט מיין קינד, מיין בלוט!...

מ. לאזארעוו.

# פון אלסדינג צו ביסלעך.

(שמועסען פון אלערליי וויסענשאפטליכע ענינים).

פון ד״ר י. ליאקומאוויטש.

## I.

## הלכות אכילה.

היום קצר והמלאכה מרובה... היינטיגע יאהרען האבען אלע קיין צייט ניט, מע איז שטענדיג פארטאראראמט, דער מיט דעם אונ דער מיט יענעם, תמיד איז מען ווי אויף א יריד... ביי אזא אופן איז איי־גענטליך גאר איין אומזיסטע טרחה, ווען מען דולט יענעם א קאפּ מיט א זייטיגען ענין, ווי אזוי אפילו וויכטיג אונ אינטערעסאנט דער ענין זאל ניט זיין. וועך שמועסט, אז מע מוז נאך דערצו א ביסעלע צולייגען קאפּ, זיך אבגעבען דערמיט, א, דעמאלט איז א ודאי ניטא וואס צו רעדען: קיינער וועט זיך ניט אומקוקען אפילו אין אייער זייט...

מען דארף דאך אבער, ברידערלעך, ניט פערגעסען, אז לא על הלחם לבדו יחיה האדם!... אמת טאקי, גרויסע הלל וסובא'ניקעס טייטשען עס אזוי, אז א מענש בעדארף חוץ ברויט נאך האבען לע־קעך אונ טארט אונ איינגעמאכטס אויך... נאר איהר פערשטעהט דאך געווים, אז ניט דאס מיינט דער פסוק... בכן איז ביי אונז מיט דעם רעדאקטאר פון דער פאלקסצייטונג געבליבען דער הסכם, אז מע זאל זעהן יוצא זיין אקעגען אונזערע לעזער ביידע דעות: אי זיך

פּרוּווען בּעווייזען דעם עוֹלם, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט נאָך עפּיס רעכטס חוץ הוֹילע לחם, אַי ניט פערגעסען, אַז פאַר גרויסע און טיעפע חקירות האָט דער עוֹלם מוֹרא אַזוֹי ווי פאַר פייער...

עַל כֵּן וועל איך פוּן אַצוּנד אָן שמוּעסען מיט מיינע לעזער פוּן אַלסדינג צו בּיסלעך: נאָר איך וועל זעהען, אַז יעדער פוּן מיינע וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען זאָל האָבּען אַ גאַנץ בּעזוּנדער אינטערעס, זאָל האָבּען זיין בּעזוּנדער אָנהויבּ און זיין בּעזוּנדער סוֹף, און דער לעזער זאָל ניט דאַרפען יעדעס מאָל זיך בּרעכען דעם מוֹח און זעהען געדענקען, וואָס אויבּען אין דער משנה איז געשטאַנען...

מיין ערשטען שמוּעס וועל איך אָנהויבּען פוּן זעהר אַ וויכטיגען ענין: פוּן הלכות אכילה. — איי, וועט איהר דאָך פרעגען, פאַר וואָס עפּיס מיט אַ מאָל וועגען אכילה? — איז די מעשה אַזוֹי: ראשית חכמה ווייסען דאָך אַלע גאַנץ גוּט, אַז "קייען איז ניט הבל"; און בּאמת וואָס איז נאָך וויכטיגער פאַר אַ לעבּעדיג בּעשעפעניש איידער דאָס עסען?... והשנית מוּזט איהר וויסען, אַז אין דער לעצטער צייט איז מען דערגאַנגען אין דעם ענין גאָר נייע און זעהר שעגע זאַכען, און טרעפט, אַ וואוּ איז דאָס געשעהען? דוקא אין רוּסלאַנד, — און דער געוויסער פּראָפעסאָר א. פּ. פּאַוולאָוו פוּן פּעטערסבּוּרג, קאָן מען זאָגען, האָט זיך דערמיט קוֹנה שם געווען אויף דער גאַנצער געבּילדעטער וועלט. — נאָר איידער וואָס מוּז מען אייך פריהער אַ בּיסל בּעקאַנט מאַכען מיט די ראשי פּרקים פוּן הלכות אכילה בּכלל.

צוּ וואָס דאַרף אַ מענש עסען? און וואָס בּעטייט דאָס עסען?

מע עסט נאַטירליך צוּ ליעבּ דעם, מע זאָל קענען לעבּען. הגם עס איז דאָ אַזוינע חכמים, וואָס דרינגען פּוּנקט פערקעהרט, אַז אַ מענש לעבּט בּכדי ער זאָל עסען; נאָר אַפּילוּ אַט די זוֹלל וסוֹבא׳ניקעס ווייסען אויך דעם סוֹד, אַז מע וועט ניט עסען, וועט מען ניט דערלעבּען עסען...

אויבּ מע עסט ניט אַ לאַנגע צייט, גיעהט מען קוֹדם כל אַראָבּ פוּנ׳ם לייבּ; חוּץ דעם האָט מען קיין כּח ניט צוּ אַרבּייטען, דאָס ווייסט און פערשטעהט געוויס יעדער. ס׳איז אָבּער נאָך דאָ צוויי טעמים, צוּ ליעבּ וואָס מע מוּז עסען, און עס קאָן זעהר זיין. אַז פוּן זיי ווייסט ניט יעדער.

אַ מענש האָט אין זיך געזוּנדהייט שטענדיג אַ געוויסען גראַד וואַרעמקייט, און ווען ער זאָל צוּפיעל אָנווערען פוּן זיין וואַרעמקייט, וואָלט ער אָנגעהויבּען צוּ פרירען און סוֹף כל סוֹף וואָלט ער געקאָנט פערפרוירען ווערען אויף אייבּיג. נאָר מיינט ניט, אַז פערפרוירען ווערען קאָן מען נאָר אים ווינטער אין דרויסען בּיי אַ רעכטען פראָסט: ווען עס זאָל אוּנז אַלע מאָל ניט צוּקוּמען קיין נייע וואַרימקייט, וואָלטען מיר מחילה פערפרוירען געוואָרען אַפּילוּ סאַמע אין מיטען תּמוּז. אַ סימן האָט איהר, אַז אים ווינטער עסט יעדער מעהר און מיט גרעסערען חשק ווי אים זוּמער. אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין קאַלטע לענדער, מוּזען ניט דער ערך מעהר עסען, איידער די וואָס וואוינען אין וואַרעמע לענדער, און זעהט איהר: נייע וואַרעמקייט קוּמט אוּנז אַלע מאָל צוּ דערפוּן, וואָס מיר פערגעסען ניט עטליכע מאָל אין טאָג צוּ פערבּייסען.

היינט מוּזט איהר וויסען, אַז בּיי אַזאַ שיינער בּעל־הבּתּיש׳קייט, ווי עס פיהרט זיך אינ׳ם מענשענס קערפער, בּעניי־טיגט מען זיך אין אַ סך אַזוינע "פּריפּאַסען", וואָס מע קאָן זיי ערגיץ ניט בּעקוּמען, פאַר קיין שוּם געלד ניט אַפּילוּ, און זיי קענען אויסגעאַרבּייט ווערען נאָר טאַקי אינ׳ם מענשענס גוּף אַליין, דהיינוּ למשל שפּייעכץ. גאַל, מאַגען־זאַפט און נאָך אַ מענגע זאַכען. דאָס אַלסדינג ווערד אויך אינ׳ם גוּף אויסגעאַרבּייט פוּן עסענוואַרג.

עַל כֵּן בּעדאַרף מען געדענקען, אַז אַלע מינים עסענוואַרג מוּזען האָבּען אין זיך שטאָף, פוּן וועלכען עס זאָלען ערשטענס קענען אויסגעאַרבּייט ווערען אַלע געוועבּען פוּנ׳ם קערפער, צווייטענס עס זאָל אַנשטאָט דער פערלאָרענער וואַרעמקייט בּעשאַפען ווערען נייע, דריטענס עס זאָלען אוּנזערע דריזען און דריזלעך האָבּען פוּן וואָס אויסצוּאַרבּייטען די נייטהיגע זאַפטען, און פיערטענס זאָל דער שטאָף פערענדערט ווערען אין קראַפט, פּוּנקט אַזוֹי ווי למשל דער פערבּאַרגענער כּח. וואָס געפינט זיך אין האָלץ, ווערד בּיים בּרענען איבּערגעענדערט אין דער פאָרמע, וועלכע די אָדער יענע מאַשין קאָ אַרויסגעבּען.

אַט צוּליעבּ וואָס אַ מענש דאַרף און מוּז עסען.

לאָמיר זשע זיך נעמען אַצוּנד צוּ דער אכילה און בּעטראַכטען, וואָס עס קוּמט פאָר מיט אוּנזער עסענוואַרג פוּנ׳ם אָנהויבּ בּיז׳ן סוֹף.

נאָר קוֹדם כל דאַרף אַ יוּד זיך וואַשען... אָבּער איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? מיין עצה איז, אַז איהר זאָלט זיך תּמיד וואַשען צוּם עסען, אַפּילוּ ווען איהר האָט בּדעה נאָר איבּערצוּבּייסען מיט אַ קיכל אָדער מיט אַפּאָר אייער־בּייגעל אויך, — ווען איהר וואָלט וויסען, אַז דער גרעסטער טהייל קראַנקהייטען בּעפאַלט דעם מענשען נאָר דוּרך דעם, וואָס אַלערליי שעדליכע און אוּנגעזוּנדע זאַכען דרינגען אַריין אין אוּנזער גוּף דוּרכ׳ן מויל בּשעת מיר עסען, וּבפרט ווען מע זעצט זיך עסען מיט אוּנריינע הענד, — וואָלט איהר פערשטאַנען, פאַר וואָס עס קוּמט אייגענטליך זיך וואַשען אַפּילוּ דעמאָלט, ווען מע דאַרף קיין "שאוּ ידיכם" ניט זאָגען...

עסען זאָל מען ווי אַ סטאַטעק און ניט געהאַפּט, כּדי מע זאָל דעם בּיסען פריהער גוּט צעקייען, און ניט שלינגען גאַנצע שטיקער ווייז, ערשטענס קאָן מען מיט אַ רעכטען שטיק רחמנא לצלן זיך דערוואַרגען, און חוּץ אַלעמען קוּמט אוֹיס בּיי אַזאַ אוֹפן פאַר׳ן מאַגען צוּ פיעל אַרבּייט, און פאַר איבּריגע אַרבּייט ווערד אָפּט אַ מאַגען זעהר שטאַרק בּרוֹגז...

נאָר חאַפּט זיך ניט אַזוֹי; מיר האַלטען נאָך לעת עתּה ניט בּיים קייען: מיר מוּזען נאָך פריהער אָנפרעגען בּיים "שוויייצאַר", צי וועט ער אוּנזער בּיסען אַריינלאָזען גאָר אין מויל אַריין... דער "שווייצאַר" איז די צוּנג. אין דער צוּנג און בּעזאָנדערס אינ׳ם שפּיץ־צוּנג ליגט איינס פוּן אוּנזערע פינף געפיהלען: דער חוּש־הטעם. איידער מיר נעהמען אַריין אין מויל עפּיס אַ זאַך, וואָס מיר עסען זי דאָס ערשטע מאָל אינ׳ם לעבּען, פּרוּבּען מיר פריהער מיט׳ן שפּיץ־צוּנג, וואָס פאַר אַ טעם זי האָט. און עס איז דאָס טאַקי אַ מערקווירדיגע זאַך, וואָס בּכלל האָט אוּנזער צוּנג זעהר זעלטען אַ טעות: דאָס וואָס עס געפעלט איהר ניט, וואָס עס האָט אַ שלעכטען טעם, איז טאַקי מייסטענטיילס שלעכט צוּ פערדייען און זעהר אָפט שעדליך פאַר׳ן געזוּנד. נאַטירליך קאָן מען אַמאָל פערזיסען און פערצוּקערן אַפּילוּ אַ שעדליכע זאַך, אַז

די צונג זאל נעביך האבען א מאוס'ען טעות און זאל עס אויפנעמען מיט'ן שענסטען ברוך הבא... נאר פערגעסט אבער ניט, אז ס'איז דאך פארט ניט מעהר ווי א „שווייצאר", און וואס ווייסט נעביך א „שווייצאר"? ער זעהט: עס קומט אריין א שענער מאן, א'נ'ם שענסטען אנצוג; מיט די שענע וואנצעס, פערדרעהט די שפיצען ארויף, — היינט גיי טרעף, אז ס'איז אין גאנצען א פשוט'ער גנב.

נאר דאך מוזען מיר געדענקען, אז דאס פיהלען א טעם ביים עסען איז איינע פון די בעסטע ברכות, וואס גאט האט מיט זיי געבענשט דעם זינדיגען מענשען. שטעלט אייך אין דער אמת'ן פאר, וואס וואלט עס א שטיינער געוועזן, ווען א מענש וואלט ניט געפיהלט קיין טעם און וואלט קיין הנאה ניט געהאט פונ'ם עסען? וואו וואלט זיך געפונען א משוגענער, וואס וואלט דריי פיער מאל אין טאג אוועקגעווארפען אלע עסקים זיינע און וואלט זיך פלוצים אנידערגעזעצט אויף א האלבע שעה אדער נאך מעהר און געהאלטען אין איין רייבען מיט די צייהן?..

אט דאס האט איהר אייך די חשובות פון דער צונג, זי האט אפילו חוץ דעם נאך א שטיקל ארבייט, נאר לאמיר זיך פריהער אומקערען צום קייען.

כדי מיר זאלען קענען גוט צעקייען דאס עסען, האט אונז גאט געשענקט א גאנצען קאסטען מיט צייהן. — צייהן זענען דא ביים מענשען צווייערליי: פאדערשטע, שארפע צייהן און דיקע טומפע באקצייהנער. מיט די שארפע צייהן צערייסען מיר און צעשניידען זיך דאס עסענווארג, און מיט די באקצייהנער צעמאלען מיר און צערייבען עס ווי עס בעדארף צו זיין. לאמיר זיך צוקוקען צו א הונט, צו א בהמה און צו א הוהן, א הונט פרעסט נאר פלייש אדער ביינער: דערצו דארף מען האבען וואס שארפערע צייהן, און ביי א הונט זענען די צייהן טאקי מורא'דיג שארף, און ווער קאן זיך נאך אזוי בייסען ווי א הונד?... א בהמה לעבט נאר דערפון, וואס זי עסט היי, גראז און בכלל אזוינע זאכען, וואס מוזען פריהער זעהר גוט צעריבען ווערען, און מהאי טעמא האט זי אזוינע שטייפע און דיקע באקצייהנער. ביי א הוהן זענען גאר ניטא קיין צייהן. ווייל א הוהן קייט ניט, זי שלינגט די קערנער גאנצערהייט; נאר דערפאר, איידער זיי קומען אין מאגען אראב, בלייבען זיי אויף א געוויסע צייט ליגען אין דער וואליע, וואו זיי ווערען גוט דורכגענעצט און אויסגעווייקט, און קענען דערנאך גרינגער און בעסער איבערגעקאכט ווערען אינ'ם מאגען.

א מענש עסט ברוך השם אלסדינג: ברויט, קארטאפלעס, אייער, פלייש, מילכיגס להבדיל — ער קלויבט ניט איבער, ער איז צופריעדען, אבי ס'איז פארהאן, דאנקען גאט, וואס צו קייען... און מחמת א מענש איז מסוגל צו יעדען מין עסענווארג, זענען ביי איהם טאקי דא ביידערליי צייהן: אי שארפע, ווי ביי א הונט, אי באקצייהנער, ווי ביי א בהמה.

נאר מיט'ן בייסען און מיט'ן רייבען אליין איז מען נאך ניט יוצא. דער ביסען וואלט געוועזן צו טרוקען, און עס וואלט געוועזן זעהר שווער איהם אראבצושלינגען, ווען ער וואלט בעת-מעשה ניט ווערען אויסגעמישט אינ'ם מויל מיט א בעזונדער זאפט, וואס האט דווקא ניט קיין שענעם נאמען, — דאס הייסט מיט'ן שפייעכץ. נאר מיינט ניט, אז שפייעכץ איז טאקי באמת אזא גאר נישט, וואס טויג נאר דערצו, מע זאל האבען מיט וואס צו שפייען יענעם אין פנים...

בכלל דארפט איהר זיך גוט אריין נעמען אין קאפ, אז די נאטור ווייסט לגמרי ניט, וואס הייסט אזוינס א מיוחס: ביי איהר האט אלסדינג א בעזונדער ווערט, און שפייעכץ איז טאקי אויך ניט אבי וואס... אין שפייעכץ קומט אריין אזא מין זאך, אזא מין פערמענט (אזוי ווי אין הויוועץ למשל), וואס נאר דורך איהם קאן פון קראכמעל ווערען צוקער, און קראכמעל איז די הויפטזאך פון אלע מעהל-שפייזען און קאן אנדערש נים פערדייעט ווערען אינ'ם מאגען, אז ניט אין דער פארמע פון צוקער. אט דער פערמענט האט אין דער חעמיע א בעזונדערען נאמען: ער הייסט פטיאלין. — ביי א קליין קינד פאר א האלב יאהר איז אינ'ם שפייעכץ קיין פטיאלין כמעט גאר ניטא. פערשטעהט איהר דאך, אז אזא נפל'ע קאן נאך ניט פערדייען קיין מעהל-שפייזען: ניט קיין פארקעס, ניט קיין בייגעלעך און אפילו קיין קאשקעלי נאך אויך ניט. — ווען אונזערע קלוגע מאמעס וואלטען געוואוסט פון אט דעם סוד, וואלטען זיי פערשטאנען, אז פאר זייערע פיצלעך קינדער האט גאט זיי געגעבען די ברוסט אדער לכל הפחות קוה-אדער ציעגען-מילך, און די קינדערלעך זייערע וואלטען ניט בעדארפט אזוי אפט נעביך האבען צו טהון מיט די בויכעלעך... פרענט אבער דערויף ביי א יודענע, וועט זי אייך שווערען, אז ס'איז גאר שונאי ציון, אזעלכע ביטערע צייהן, און וועט אלץ שטאפען דאס קינד מיט בייגעלעך און מיט צוקערלעקעך.

נאר ניט דאס בין איך איצט אויסען. איך האב נאר געוואלט אייך אויסווייזען, וואס פאר א שענעם ווערט עס האט א רעכט ביסל שפייעכץ.

דער שפייעכץ ווערד אויסגעארבעט אינ'ם מויל, וואו עס זענען דא אין די באקען א זעלכע דריזלעך, וואס געבען פון זיך ארויס א בעזונדער זאפט, אזא מין פליסיגקייט, וואס מיר רופען עס געוועהנליך מיט'ן נאמען שפייעכץ. ווי באלד מע נעמט וואס פאר איין עסען-זאך עס איז אין מויל אריין, הויבט אן צו רינען פון די דריזלעך שפייעכץ, הגם די שפיי-דריזלעך הייבען אפט מאל אן צו ארבייטען שוין אפילו דעמאלט, ווען דער מענש זעהט נאר פאר זיך דאס עסען אדער ער הויבט נאר אן וועגען דעם צו טראכטען.

ווען דער ביסען איז גוט צעקייט געווארען און האט זיך גוט אויסגעמישט מיט שפייעכץ, איז ער ראוי, מע זאל איהם אראבשלינגען. דעמאלט מישט זיך אריין אהערצו ווידער א מאל די צונג. זי ווערד דין און ברייט ווי א לאפעטקע; אונזער חברה-מאן, דער ביסען הייסט עס, קלויבט זיך ארויף אויף דער לאפעטע און האט בדעה אראבצוגליטשען זיך אין מאגען אראב. נאר דא שטעהען פאר איהם דרייערליי וועגען: וואוהין זאל ער געהן?

דעם גרויסען מעכאניקער, וואס האט צוגעטראכט די זעלטענע מאשין פון א לעבעדיגען קערפער, האט זיך א פנים פערגליסט מאכען דערביי א שטיקעל עקאנאמיע; האט ער צונויפגעפארט אין איין ארט צוויי בעזונדערע טהייל פון דער מאשין, הגם יעדער טהייל האט גאר ניט און טאר ניט האבען קיין שום שייכות איינער צום אנדערען. סאמע ביים שלונג געפינען זיך צוויי לעכער: איין לאך פיהרט אין גארגעל און לינג פון פארענט, דאס צווייטע ליגט פון הינטען און פיהרט אין ווייט. חוץ דעם איז דא נאך א דריטע לאך, וואס געהט אין דער הויף

אונ פיהרט אין נאז אריין. וכבן האט אונזער ביסען פאר זיך איינגענטליך דריי וועגען: אין נאז אריין, אין גארגעל אונ אין וושט. — ווי אזוי זשע טרעפט ער גאר אין וושט, דאס הייסט וואוהין מע דארף?

פון דער הינטערשטער זייט פונ'ם גומען לאזט זיך אראב א ווייך פליישיג פארהענגעל, — דאס צונגעל. ביים שלינגען הויבט זיך דאס צינגעל אויף אין דער הויך אונ פערשטעלט דאס לאך פון דער נאז, קאן שוין אהין דער ביסען ניט פערקריכען. היינט מיט'ן לאך פונ'ם גארגעל איז אזוי די מעשה: דאס פאדערשטע וועגטעל פונ'ם גארגעל איז העכער איידער דאס הינטערשטע. בעת מע טהוט א שלונג, גיט זיך דאס פאדערשטע וועגטל א בויג אויף אונטען ארום אונ דעקט מיט זיך צו דאס לאך פונ'ם גארגעל; דער ביסען קריכט אריבער איבער'ן דעקל אזוי ווי איבער א בריקל אונ פאלט אריין אין וושט. ווען מע רעדט אדער מע לאכט בעת עסען, איז דאס לאך פונ'ם גארגעל אבגעדעקט; דעריבער קאן טאקי א מאל א ברעקל אריין אין גארגעל, אונ דאמאלס פערהוסט מען זיך מורא'דיג, ביז וואנען דאס ברעקל וועט דורכ'ן הוסטען ניט ארויס פון דארט, וואוהין עס האט לכתחלה גאר ניט געטארט פערקריכען.— עטליכע מאל אין טאג דאנקט א יוד דעם וואס לעבט אייביג דערפאר, וואס ער האט איהם בעווארענט מיט אלערליי נקבים אונ חלולים. מע קאן ניט זאגען, אודאי זענען זיי בפירוש בייטהיג פאר'ן מענשען. — נאר דערפון וואס מיר האבען אויבען גערעדט, האט איהר געקאנט ארויסזעהען, אז א רעכט דעקל, וואס זאל קענען צודעקען דאס אדער יענם לעכל איז אויך ניט קיין איבריגע זאך, אונ פאר א גוט דעקל קומט אויך א שיינעם דאנק דעם אויבערשטען. איי, פאר וואס האט מען אין סידור ניט אריין געשטעלט דערויף אויך א בעזונדערע ברכה, — ווייס איך ניט אונ בין קלאר דערין ניט שולדיג...

(פאו.טזעצונג קוקמט).

---

# די בעל־הבתי'שע ליטעראטור.

(איבער ביכער אונ ביכלעך).

**עברי אנכי** פון יעקב ב"ר ליב סאטמאן דאס ערשטע (דער ערשטער) טהייל, בערדיטשוב.

עברי אנכי איז די טייטש: איך בין א יוד. „וואס זשע הייסט איך בין א יוד? ווען איך זאל זיין ניט קיין יוד ווי אזוי זשע וואלט איך געשריבען א יודיש בוך?” — אזוי פרעגט דער מחבר אליין אונ ענטפערט זיך אליין: „עס זענען פאראן ביי אונז היינט פיעל יודען, וואס שעמען זיך ברוך השם מיט'ן נאמען יוד”... אונ ער, דער מחבר יעקב ב"ר ליב סאטמאן, שעמט זיך דוקא ניט מיט'ן נאמען יוד, אונ שטעלט איהם ארויס דוקא אויבען אן! א ודאי איז דאס זעהר שען פון א יודישען מחבר, אז ער שעמט זיך ניט מיט'ן נאמען יוד, מע קאן ניט זאגען! נאר איך האב מיך דא דערמאנט אן דער הקדמה פון רב מענדעלע מוכר ספרים. רב מענדעלע מוכר ספרים איז מודיע דעם עולם זיין ריכטיגע אדרעס, ווי אזוי מע זאל צו איהם שרייבען: „גאספאדינו מענדעליו מוכרו ספרימו אוו בערדיטשעוו”, קיין „גאספאדינו יעווריעיו” בעדארף מען גישט — מע וועט שוין, זאגט ער, אליין וויסען... אזוי זאגט מענדעלע מוכר ספרים. אונ יעקב ב"ר ליב סאטמאן איז זיך אנדערש נוהג: רב יעקב ב"ר ליב סאטמאן האט מורא, טאמער וועט פארט חס ושלום עמיצער איבערקלערען אויף איהם, אז ער איז איין איינגלענדער, האט ער דערפאר א נאמען געגעבען דאס בוך „עברי אנכי” אונ ווייסט וועער איך בין!...

דער מחבר פונ'ם „עברי אנכי”, דאס הייסט דער עברי אנכי אליין, איז זיך א יוד א בעל־הבית, וואס האט דרייסיג יאהר געשוויגען. דרייסיג יאהר איז ער געזעסען צענויפגעלייגט די הענד אונ געקוקט ווי עס געהען ביי אונז די געשעפטען, אונזערע יודישע געשעפטען, הייסט עס, אונ שא שטיל!... נאר אויפ'ן איין אונ דרייסיגסטען יאהר האט ער זיך שוין גישט געקאנט מעהר איינהאלטען; עס האט זיך אנגעצונדען אין איהם א העליש פייער אונ ער האט אויסגעגאסען זיין גאנץ ביטער הארץ אויף 44 בלעטלעך אונ ס'איז איהם געווארען א ביסעל גרינגער אויף דער נשמה.

„עס איז דאך גוואלד צו שרייען! — אזוי זאגט דער מחבר פונ'ם עברי אנכי — רבונו של עולם! עס איז דאך פינצטער ווי די פינצטערע נאכט! ביטער ווי דער ביטערער טוידט! וואו איז דער דאקטאר, וועלכער זאל מיך אויסהיילען? איך זוך נאך איהם, נאר איך געפין איהם ניט! איך קאן דאס ניט איבערטראגען! דער מח שפאלט זיך, די קאפ דרעהט זיך, שווער, שווער צו לעבען!...”

ווייסט איהר איבער וואס ס'איז אזוי שווער צו לעבען? איבער די צרות מיט די יסורים, וואס דער דאזיגער מענש טראגט איבער אויף דער וועלט, איבער די צרות מיט די יסורים, וואס ער טראגט אויף זיך שוין דרייסיג יאהר פון זיינע אומגליקליכע ברידער. אונ די דאזיגע צרות מיט די דאזיגע יסורים זענען צווייערליי צרות, צווייערליי יסורים: צרות „וואאבטשע” אונ צרות פון „ציוניזם”. די צרות „וואאבטשע” נעהמען זיך דערפון, וואס יודען זענען געווארען שוין צו קלוג, צו אויפגעקלערט, צו פריי, דאס הייסט פשוט אויסגעלאסען, הפקר א וועלט.

„וואס איז דאס פאר א קוקאלנע קאמעדיע? — שרייט דער עברי אנכי — אריינקומען שבת אויף פינף מינוט אין שוהל אריין אונ ארויסלויפען פון דארטען גלייך אין קלייט אריין רייסען סחורה!... עסען אויף אלע וואגזאלען טרפה'ן „כל־בת” אונ קומען אהיים געבען געלד דער דינסט, זי זאל געהן צום שוחט קוילען איין עוף?... יום־כפור אין שודל עולה תורה זיין אונ גלייך אראב פון דער בימה צו איין ערל חאפען עטליכע, ווי רופט מען דאס... פי... פי... פי... פירעשקעס טרפה מיט א גלעזל בראנפען, אפווישען די וואנצען „ווי איין אינטעלעגענט” אונ אריינלויפען גלייך אין שוהל אונ טאקי אין מזרח, חאפען דעם מחזור אונ שלאגען זיך על חטא...”

עסען טרפה'ן „כל־בת” אויפ'ן וואגזאל אונ יום כפור פי... פי... פירעשקעס ביי איין ערל טמא אונ דערצו נאך אפווישען די וואנצען ווי איין אינטעלעגענט אונ לויפען צוריק אין שוהל זינגען על חטא — דאס צו זעהען, קאן טאקי די גאל, שונאי ציון, צעזעצט ווערען! נאר איך פערשטעה ניט, וואס געהער זיך דאס אן מיט'ן עברי אנכי? דערויף זענען פאראן מגידים אין אלע יודישע שטעדט, וואס שטראפען דעם עולם; דערויף זענען פאראן ביי אונז מוסר־

ספרים, אויף לשון קודש און אויף זשארגאן, אביסל בעסער ווי דער עברי אנכי!... גאר לאמיר געהן ווייטער:

„איך בעט אייך, ליבער לעזער, טענה'ט ווייטער דער עברי אנכי — וואס איז דאס פאר א קוקאלנע קאמעדיע? דער שמש ברענגט דעם לולב מיט'ן אתרוג, גיט מען איהם פיפציג קאפיקעס און מע טהוט ניט א קוק אויפ'ן לולב מיט'ן אתרוג... די חנוכה ליכטעלעך ברענגט אוים די דינסט אין קעך אין דער צייט אז זי שפיעלט מיט'ן דווארניק אין קארטען... איין אלטער יוד פון זיבעציג יאהר זיצט איבער'ן „חיי אדם" און ברעכט זיך דעם מוח, איבער וואס פאר א ברויט מע מאכט „המוציא", און זיין זוהנדל זיצט אין קלוב און מאכט המוציא איבער א גוטער טרפה'ר קאטלעטקע מיט א היבש שטיקל ווייסע חזיר'ל... רב חיים, וואס דאנערשטאג פון אבענד האט ער געהערט א דין אין שוהל, אז שבת טאר מען ניט קלאפען מיט א כלי. וואס עס קאן זיך הערען א שטימע פון מוזיק, קומט ער צוגעהן פרייטאג ביי דער נאכט פון שוהל און טרעפט זיין טאכטער סאפיע אפיטאוונע שפיעלט פיאנע מיט גרוים פאראד... גוואלד יודען, זאגט ער, וואו נעמט מען א הארץ, וואו נעמט מען קרעפטען איבער־טראגען אזעלכע מיני קאנטראסטען?... גוואלד, פינצטער ווי די פינצטערע נאכט! גוואלד, ביטער ווי דער ביטערער טויט! בוקה ומבוקה ומבולקה — פוסט און פוסט און פוסט!!!"...

אזוי לאזט אוים דער גייער שבט מוסר זיינע טענות צו יודען „וואאבטשע" און נעמט זיך צו די ציוניסטען, וואס זאגען איהם מקצר די יאהר און טעג. מיינט איהר דאך אז דער מחבר אליין איז א ודאי פון די „אנטים", איין אנטיציוניסט? חלילה וחס! יעקב ב"ר ליב פאטמאן האלט ביי ראקא פונ'ם ציוניזם איין עולם ומלואו און געפינט, אז דאס איז אונזער איינציגער רעצעפט.

„איך וויל ניט וויסען — זאגט דער מחבר פונ'ם עברי אנכי — איך וויל ניט וויסען קיין נאך, אויב ציון הייסט נאר אז משיח וועט קומען אויף א ווייס פערד, אדער מיט א בילעט אין I קלאס פון יפה קיין ירושלים, אדער פון מאסקווע קיין פעטערבורג (איהר הערט?)" און שפעטער מיט א בלעטעלעך 5—6 פאלט ער אן אויף די ציוניסטען, וואס פערגעהמען זיך מיט דער רוח ווייסט וואס: מיט אסיפות, רעפעראטען, יודישע היסטאריע ובדומה אזעלכע נארישקייטען...

„עס איז א מאדע געווארען — זאגט ער, אז דאקטוירעס זאגען „רעטשען", רעפעראטען, היסטאריע, נארדוי, הערציל, מאנדעלשטאם, אוסישקין... די מאדע האט שוין דערלאנגט אפילו אונזערע טעכטער, זיי געהען אויף „סאבראניעס", ווייל ס'איז א מאדע, ווי למשל א קארסעט איינקוועטשען זיך, אז די נשמה שפארט ארויס".

הקצור דער ציוניזם אליין ארט איהם ניט, אונזער בעל־הבתי'שען שבט מוסר; איהם ארט נאר דאס וואס די ציוניסטען קלויבען זיך צונויף אינאיינעם מיט די ציוניסטקעס, מאכען „סאבראניעס", פאהרען זיך צונויף, מאכען קאנגרעסען, זאגען „רעטשען" און פליעסקען בראווא און קיינער קיינער האט ניט אין זינען קיין יודישקייט, קיין דין, קיין תורה און קיין מצות.

„איך מוז אייך דערצעהלען דעם אמת, ליבע ברידער — אזוי זאגט אונזער עברי אנכי — אז פאר דעם לאנדאנער קאנגרעס האב איך פיעל מאל געקלערט שרייבען א בריעף צו תיאדאר הערציל ער זאל קומען אויפ'ן קאנגרעס אין ארבע כנפות. וויפיעל ציוניסטען וואלטען צוגעקומען פון דעם? געוויס פינף מאל אזוי פיעל!... און ווי וואלט שוין טאקי געווען, זאגט ער, ווען אזא מענש ווי הערציל אדער נארדוי זאלען אריין אין זאל אין ציצית, אז אלע זאלען טאקי זעהען..."

דא פרעגט זיך א קשיא: פון וואנען ווייסט דער מחבר, אז הערציל און נארדוי געהען אהן ציצית? א קשיא אויף א מעשה, אפשר טראגען זיי אונטערן פראק איין ארבע כנפות? „אז אלע זאלען טאקי זעהען", איז די משמעות, אז דער מחבר וואלט א כעלן געווען אז הערציל און נארדוי זאלען אנטהון די ארבע כנפות'ן אויבען. אויפ'ן פראק, און דעמאלט וואלטען געוויס צוגעקומען גוזמי גוזמאות ציוניסטען...

(ענדע קומט).

שלום־עליכם.

## ליטעראטור און קונסט

זונטאג דעם 22 דעצעמבער איז אין דעם זאל פון דער קיועווער ליבער חברה פאר קונסט אין פעטערסבורג געמאכט געווארען א ליטעראריש–מוזיקאלישער אבענד לכבוד דעם יודישען סקולפטאר מרדכי אנטאקאלסקי. די הכנסה פון דעם אבענד וועט געהען אויף מאכען א מאנומענט אויף דעם פערשטארבענעמס קבר. אין דעם אבענד האבען גענומען איין אנטהייל דער וויצע־פרעזידענט פון דער אקאדעמיע פאר קונסט גראף טאלסטאי, וו. וו. סטאסאוו, דער סקולפטאר אליהו גינצבורג (א תלמיד פון אנטאקאלסקי) און נאך אנדערע.

— אין מינסק (רוסלאנד) וועט זיך קירצליך עפענען א שולע פאר קונסט.

— די שילער פון מאסקאווער קאמערציענשולע האבען בעשלאסען ארויסצוגעבען א זשורנאל פאר שילער.

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער רוסישער פינאנץ־מיניסטער האט פארגעטראגען א פראיעקט פאר דעם מיניסטעריום־קאמיטעט, מען זאל ערלויבען פרויען אלס פריוע ארבייטערינען אין די הויפט קאנצעלאריע פאר מאס און געוויכט.

— די רוסישע רעגירונג האט ערלויבט פרויען זיך צו בעשעפטיגען מיט דער וויסענשאפט פון די שטרענג אנשטעקענדע קראנקהייטען ביי דער מיליטעריש־מעדיצינישער אקאדעמיע.

— פרוי דיווראן אין פאריז האט געשאנקען די אויסגאבע פון פרוי'ן־בלאט «La Fronde» איהרע מיטארבייטער אין דעם טאג, ווען מען האט געפייערט דעם 5 יעהריגען יובילייאום זייט דאס בלאט עקסיסטירט.

— די ענגלישע קעניגין האט געלאזט מאכען א מיטאג פאר 1500 אלמנות און יתומים פון די סאלדאטען, וואס זיינען געהרג'עט געווארען אין דער מלחמה מיט די בורען.

### II. יודישע נייעס.

— אין אדעסא האבען די שילערינען פון דער יודישער מערכבישולע געמאכט דעם חנוכה א קאנצערט. פיעל אינטעליגענטע יודישע

דאמען האבען געהאלטען רעדען און געשפיעלט פערשיעדענע מוזיקאלישע זאכען אויף דעם דאזיגען קאנצערט.

— די באראנין אדעלענא ראטהשילד, די פרוי פון דעם „נדיב הידוע", האט מנדב געווען א גרויסע סומע פאר די יודישע געמיינדע אין מארסעל (פראנקרייך).

— דער רוסישער סענאט האט ערלויבט די יודישע פרוי וויערא ראפאלאוויטש, וועלכע האט געענדיגט די העכערע קורסען פאר פרויען, צו וואהנען אין פעטערסבורג. די דאזיגע פרוי האט פריהער דערלאנגט א בקשה צום פעטערסבורגער גראדאנאטשאלניק, ער זאל איהר ערלויבען צו וואהנען דארטען, נאר ער האט איהר ענטזאגט, מחמת אין זאקאן שטעהט נאר דערמאנט, אז די העכערע שולען פאר פרויען געבען יודישע פרויען רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד.

---

# 70 יאהר

די וועלט, דאס מענשליכע לעבען, ענדערט זיך שטענדיג, אבער די פאראענדערונגען קומען ביסלעכווייז, מען בעמערקט זיי גאר ניט בשעת מעשה; ערשט ווען עס געהט אריבער א געוויסער מיטך פון יאהרען און די מענשען הויבען זיך אן ארום קוקען, פערגלייכען די איצטיגע צייט מיט די פריהערדיגע, ערשט דענסטמאל זעהט מען מיט א מאל, ווי אלץ איז גאר אנדערש געווארען, אפט מאל אזוי פיעל אנדערש, אז מען וואונדערט זיך אליין, ווי אזוי האט מען אזויגע שנויים כמעט ווי נישט געזעהען אין זייער צייט.

אויך אין די לעצטע 7 יאהר האט זיך אלץ פאראענדערט, און די שנויים זענען אזוי גרויס, אז מען מערקט זיי איצט אויף יעדער טריט, אפילו אין דעם גאנץ געוועהנליכען מענשליכען לעבען. און איך גלויב, אז ווען איך זאל אנהויבען דערצעהלען, ווי אזוי אונזער לעבען האט אויס געזעהען מיט 70 יאהר צוריק, -- די צייט, וואס איך אליין געדענק נאך, וועלען מיר פיעל פון די יונגערע לעזער ממש נישט וועלען גלויבען, און דאך איז דאס אזוי געווען, ווי איך דערצעהל אייך.

אין יענער צייט האט מען אויף ריינליכקייט און פארשענערונג פון לעבען גאר נישט געקוקט, מען איז געלעגען אין בלאטע ביז'ן האלז, און קיינעם האט דאס גאר נישט געקימערט, ניט אין שטוב און ניט אין דרויסען אויף דער גאס. די גאסען און וועגען זענען ניט גע־וועזען געפלאסטערט מיט שטיינער, אויסער אין גרויסע גובערנסקע שטעדט זענען געוועזען א פאר הויפטגאסען בראקירט. די שטעדטלעך זענען געלעגען אין בלאטע, ביי די הייזער זענען געוועהנליך געלעגען „קלאדקעס", דאס הייסט, שטיקער האלץ אדער שטיינער, און מען האט געמוזט גוט מערקירען, ווי צו טרעטען אויף זיי: האט מען גע־מאכט א פעהל־טריט, אזוי איז די פוס געוועזען שוין אין בלאטע ביז די קניע. אז מען האט געדארפט איבערגעהען א גאס, האט שוין גאר ניט געהאלפען: מען האט געמוזט אויפהייבען דעם בגד ביז איבער די קניע און בראדזען אין קויט ווי עס געהט, און אז מען איז געקומען אין שטוב אריין, האט מען אבגערייניגט די שטיוועל און די זאקען מיט א „בעזעם". די קליידער, חאטש מען האט זיי אויפגעהויבען געהעני־דיג, פלעגען זיי דאך בלאטיג ווערען אונטען אויף א האלב אייל, דאס האט געהייסען א „שלומפער", און א שלומפער האבען געהאט אלע,

— דאס איז שוין געווען א נייטיגער צוגאב צום בגד יעדעס מאל, ווען עס איז געוועזען א רעגענדיגעס וועטער. פון קיין גרויסע וואה־נונגען אויף פיער־פינף צימער האט מען ניט געוואוסט, א מיטעלע פאמיליע האט בעוואהנט נאר איין צימער, דאס איז געווען אי דער עסצימער, אי דער „שלאף־, דער קינדער־ און גאסטצימער". אריבערע פאמיליע האט בעוואהנט א שטוב מיט איין קליין שלאפצימער, דאס מעבעל אין שטוב איז בעשטאנען פון א ווייסען טיש מיט לאנגע, ווייסע בענקלעך; און אלע ערב־שבת — ווינטער אויך דאנערשטאג, — האט מען געוואשען טיש און בענק, דאס וואסער פלעגט זיך גיסען אויף דער ערד (ווארום אפט זענען אין די הייזער קיין פאדלאגעס גישט געוועזען) און דערפון, איז צו געקומען אין שטוב נאך בלאטע. די בלאטע אין הויז פלעגט מען פון אויבען אויסקעהרען מיט א בעזעם און בעשיטען מיט זאמד. ערב־פסח האט מען גערידעלט די שטוב מיט א רודעל, פון חמץ וועגען, דאבײ פלעגט ווערען א שלעכטער גערוך, און מען פלעגט שיער גישט דערשטיקט ווערען. צו בעלייכ־טונג אין שטוב, האט מען ניט בענוצט קיין חלב־ליכט, פון נאפט האט מען גאר ניט געוואוסט, מען האט בעלויכטען דאס הויז מיט קינעלעך, דאס הייסט מיט שמאלע שפענדלעך, א פלאקען אריינגע־שטעקט אין א ברעטל איז געשטאנען אין מיטען שטוב אנשטאט א לייכטער, דער פלאקען איז געווען אנגעשפאלטען פון אויבען און אין איהם האט מען אריין געשטעקט די קינעלע. אויך פלעגט מען אריינשטעלען די קינעלע אין וואנד צווישען די קלעצער, עס פערשטעהט זיך, אז בשעת די קינעלעך פלעגען ברענען, פלעגט די שטוב פול ווערען מיט רויך, אז איינער דעם אנדערען האט ניט געזעהען. גאר ווען עס איז געקומען עפים א פיינער גאסט, האט מען אנגעצונדען חלב־ליכט. כדי צו ברענגען גיכער ידיעות פון איין ארט אין דעם אנדערען, האט מלוכה געבויט אין 1836 מאיאקען־טורמעס אויף הויכע בערג, אונגעפעהר דריי מייל איינער פון דעם אנדערען. דארטען האט מען געשטעלט סאלדאטען, מען האט געוויזען סימבאלען (צייכענס) פון איין מאיאק צום אנדערען. צוויי סאלדאטען, זענען שטענדיג גע־שטאנען, איינער געקוקט אין דער זייט, איינער אין דער אנדערער זייט, וואס א סימבאל ער האט דערזעהען אויפ'ן נאהענטסטען מאיאק, אזוי האט ער אויך געמאכט דעם איינענעם צייכען אויף זיין מאיאק און אזוי ווייטער, ביז די מאיאקען־צייכענס זענען אנגעקומען אין זייער ארט; דער אפיציר מיט די סאלדאטען האבען אליין ניט געוואוסט די בעדייטונג פון די צייכענס, זיי האבען נאר געוואוסט פון וואנען עס איז געגאנגען און דארט וואוהין עס איז געגאנגען די צייכענס. קיין פריוואט מענש האט זיך ניט געקאנט מיט דעם בענוצען. ביי נאכט האט מען געמאכט די סימבאלען מיט פייער. פון פאטאגראפיערען האט מען אויך ניט געוואוסט. ווען א רייכער מענש האט געוואלט מאכען א פארטרעט האט מען געמוזט אנקומען צו א מאלער, און דאס האט געקאסט זעהר טייער.

פייער מאכען איז געווען א שווערע זאך: דערצו האט מען גע־וועהנליך געמוזט האבען א שטיקל קרעמשטיין, אויף איהם האט מען געלעגט א שטיקל אנגעברענטע ליינוואנד; דאס האט מען גענומען אין האנד, דערויף געשלאגען מיט א שטיק שטאל, ביז עס איז אריין

געפאלען א פונק אין דעם צינדער. צום צינדער האט מען צו געשטעלט א שוועבעל־העלצעל, איז געווארען א פלאם. טהיילמאל פלעגט מען צעהאקען די פינגער ביז בלוט, ביז מען פלעגט אויף אזא אופן קריגען פייער. א פארזיכטיגע בעל־הבית'טע פלעגט עס בעסער מאכען: זי פלעגט אנשפאלטען מיט איין מאל א גרויסע צאהל דינע העלצלעך, איינטונקען זיי אין צעשמאלצענע שוועבעל, פלעגט אויף פערשארען גליהענדע קוילען אונטער אש אין א גריבעל, וואס איז דערצו געמאכט געווארען אין עק אויוועץ, און ווען זי האט געדארפט פייער, האט זי תמיד נאך געפונען "לעבעדיגע" פונקען אונטער די אש, צו געשטעקט דאס שוועבעל־העלצעל צום פונק און האט באלד פייער געהאט. האט אבער א מאל געטראפען, אז עס זענען אויסגעגאנגען די גליהענדע פונקען, אדער עס איז ניט געווען קיין שוועבעל־העלצעל און מען האט נייטיג געדארפט פייער פאר א קינד אין מיט'ן נאכט, האט מען געמוזט ארויסגעהן אויפ'ן גאס, קוקען, וואו עס זעהט זיך אין א פענסטער פייער; האט מען דערזעהען פייער איז מען געגאנגען צו יענעם הויז, צי עס גיסט א רעגען, צי ס'איז א בלאטע. אז מען איז געקומען צו דעם הויז, האט מען געמוזט קלאפען און שטעהן ביז מען האט געעפענט דאס הויז. געוועהנליך האט מען נאך נישט געגעבען אזוי גיך פייער: מען האט צוערשט געמאכט א לאנגע חקירה ודרישה צו וואס ברויך מען דאס פייער. איז אין הויז געווען א קינד־בעטארין האט מען פון א קינדבעטארען נישט געגעבען קיין פייער: אזוי איז דעמאלט געווען דער מנהג. דא איז ניט, אין יודיש הויז געדאכט א שבעה, פון א שבעה נעמט מען ווידער ניט קיין פייער. און אזוי האט מען געמוזט געהן פון הויז צו הויז, ביז וואנען מען האט געקריגען "פייער". אין 2 18 איז ארויסגעקומען פון ריגא אזא מין וואסערל אין פלעשעלעך, אז מען האט אין דאס וואסער ארײַן געשטעקט א שוועבעל־העלצעל, האט זיך אנגעצונדען. אזא וואסער'ל האט אבער טייער געקאסט: 30 מאל אנצינדען האט געקאסט 30 קאפ.

אין יענע צייטען האבען זעהר א סך יודען געוואהנט אין "קרעצמעס", יעדער יוד האט זיך געהאט אייגענע קעסעל־כלים, צו מאכ'ען בראנפען, ער האט אויך געהאט 2 אדער 3 קיהע. מיט די בראהע פון די בראנפען האט ער זיי געפיטערט און האט טאקי געהאט פיינע מילך, עס האט איהם גאר נישט געקאסט; דער קרעצמער האט זיך גאנץ רוהיג געלעבט. ער איז זיך אויף געשטאנען אין דער פריה, האט אבגעדאווענט, אבגעזאגט זיין תהלים אדער זיין פרק משניות, האט געעפענט דעם אלמער (שאנק), דא געפינט ער א ביסל ספירט, פיערוושי סקאק. גיסט זיך אן א היבשע גלעזעל, און פערבייסט מיט קעז. אויב דער ספירט האט איהם א ביסל בערוישט, האט ער זיך צוגעלעגט א ביסל איבערשלאפען, דערנאך האט מען געגעסען מיטאג על פי רוב א מילכיגען. על פי רוב זענען די דארפסיודען געווען גרויסע מכניסי־אורחים (גאסט פריינד); פארביי א בעקאנטען יודען האט מען ניט געטארט פארביי פאהרען, דאס איז געווען די גרעסטע שנאה, וויל לעבענס־מיטעל איז געווען זעהר וואלוויל, דער פונט פלייש 4—5 קאפ., א פונט פוטער 9 קאפ., א צעהנדלינג אייער 3 קאפ. איין מאל בין איך פערביי געפאהרען פאר א קרעצמע, וואו א בעקאנטער יוד וואהנט, איך הער: מען שרייט פון הינטען: גיטעל! גיטעל! (איך בין געפאהרען מיט דער פרוי פון מיין בעל־הבית) צעברעכט הענד און פיס, אויב איהר וועט ניט אריינגעהן צו מיר! וואס איז דאס עפיס? איז ביי מיר טרפה? — קיין ברירה: מען מוז אויסקעהרען דעם פערד און אריינגעהן. "געלד" דאגעגען איז געווען זעהר טייער. א מענש א טיכטיגער א געראטענער, איז געווען העכסט צופריעדען, אז ער האט געהאט א "שטעלע" פאר 10 גולדען א וואך. נדן האט מען געגעבען א טאכטער 100 גולדען, 160 גולדען. מען האט דעם פארפאלק געגעבען קעסט. דער איידעם איז געזעסען אין ישיבות, געלערנט פיעל ער האט געקאנט. אז דער שווער האט שוין געדארפט נאך א טאכטער נעמען אויף קעסט, האט שוין דער ערשטער געמוזט אבטרעטען, ער האט אנגעהויבען צו האנדלען — האט איהם אב געגליקט איז ער רייך געווארען, נישט, האט ער זיך געלעבט ווי אלע יודען לעבען, ארעם, אהן תביעות און טענות. אין יאהר 1835, בשעת די קרימסקע מלחמה, איז געווארען די גרויסע ענדערונג. יודען האבען אנגעהויבען צו מאכען גרויסע געשעפטען מיט אויסלאנד, די פערדיענסטען זענען געווארען זעהר גרוס, מען האט דערזעהען אין אויסלאנד דעם לעבען מיט דעם לוקסוס, איז געווארען געלד וואלוויל און לעבענסמיטעל געוואלטיג טייער.

גרונם גארדאן.

---

## אלערליי.

(א האריץ וואס שפיעלט). אין דער מעדעצינישער געזעלשאפט פאר אינערליכע קראנקהייטען אין ווין האט נישט לאנג הער קארל רייטער פארגעשטעלט א זעהר אינטערעסאנטען פאל:

א געוויסע פרוי האט 4 יאהר געליטען פון הוסטען, שווער אטהיגמען און שטארקע הארץ־קלאפען. מיט אנדערהאלבען יאהר צוריק האט זי דאס ערשטע מאל געהערט א מין גערויש פון מוזיק אין דער ברוסט. זי האט געבעטען אנדערע זיי זאלען זיך אויך צו דער מוזיק צוהערען און זיי האבען אויך דאס אייגענע געהערט. די מוזיקאלישע קולות האבען זיך אמאל העכער אמאל נידריגער געהערט, ווי געוועהנליכע מוזיקאלישע קולות. אין דער מעדעצינישער ליטעראטור געפינען זיך א ווינע פאקטען בעשריעבען. די געלעהרנטע ערקלערען עס אזוי: אין הארץ געפינען זיך גאנץ דינע נערווען, וועלכע זענען ווי סטרונעס אנגעצויגען און ביי א קראנק הארץ קאן פאסירען, אז דורך וועלכע עס איז א בעוועגונג געבען די נערווען ארויס פון זיך א קלאנג.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.

פערלאג "פאלקסבילדונג".

---

מיט היינטיגער נומער שיקען מיר אונזערע אבאנענטען דאס פאדערבלאט מיט דעם אינהאלט־פערצייכניס פון די "פאלקס־צייטונג" פון פאריגען יאהר.

די אדמיניסטראציאן.



usgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau

## נדבות

דורך די אדמיניסטראציאן אין קראקוי לטובת הקופה הלאומית על ידי י. ל. איזגור: ה׳ י. כהן וארוסתו ז. יודיו 3 ר׳; ה׳ י. קויפמאן 1,10 ר׳: ש. חנארין 90 ק׳; י. לעוויטען, ב. איזגור, ד. איזגור כל אחד 50 ק׳; י. איזגור 30 ק׳; י. ל. איזגור 20 ק׳. בס״ה 7 ר׳.
מכאל ארש, ווארשא א ר׳.

## די אגענטען פון „יודישע פאלקס־צייטונג“

**אדעסא:** האחים בלעטניצקי, מו״ס; ה׳ ש. הארענשטיין, מו״ס (Безъимен. пер. 28); י. ח. ראבינוביצקי, Узолъ Б. Арнаутской и Ришельевской д. Барбаша **אלכסנדריא**: ה׳ נ. מארגוגאוו. **אסיפאוויצי**: ה׳ א. פעלדמאן. **ארהיוב**: ה׳ ב. ג. בערקאוויץ (שלל״פ). **באברויסק**: ה׳ י. גינזבורג, מו״ס. **באראנאוויצי**: א. ראגוזניצקי. **באריסאוו**: ב. לעווין. **ביאליסטאק**: א. קויפמאן; ה׳ פ. קפלן (שלל״פ; ה׳ י. אינדיצקי, מו״ס; ה׳ ד. סוחאוואלסקי (שלל״פ); ה׳ ש. ליפשיץ, מו״ס; ה׳ נ. זאבלודאווסקי (שלל״פ). **ביעלאיא צערקאוו**: ה׳ י. זאבעלינסקי, מו״ס; ה׳ פ. גאלדשטיין. **ברדיטשוב**: ה׳ י. ראזומאווסקי, מו״ס. **ברוסילאוו**: ה׳ מ. ח. הארארעצקי. **בריסק דליטא**: ה׳ בן־ציון ניימארק; ש. דזענצעל. **גראדנא**: ה׳ ה. א. יאנאווסקי; ה׳ ב. יפה; מיללער, מו״ס. **דובנא**: ה׳ ל. ישפה. (שלל״פ). **דווינסק**: האלמנה נ. שעפטל, מו״ס; ה׳ ג. דעזענט, מו״ס; ה׳ מ. ברעוודא; ה׳ י. פארעשין, מו״ס. **האמעל**: ה׳ שלמה בערמאנן (שלל״פ) (Спасская ул. д, Блюменталя); ה׳ ל. שיינבוים (שלל״פ); ה׳ ה. ראמאנאווסקי מו״ס; ה׳ י. אדלער. **הארארישצע**: ה׳ י. לישצינסקי. פארטזעצונג קומט.

כשר קונעראל כשר

איין ריינעם ניססענשמאלץ זעהר געזונד פיר מאגענליידענדע. גוט צום קאכען און באקען פערשיעדענע שפייזען. הארטע קאקוספוטטער, אויך אללע ארטיקלען פיר שאקאלאדעפאבריקען

הכשרים פון ווארשויער רבנים.

הויפטפערקויף אין ווארשא, דזיקא 36

15—7 ביי **א. מ. קאשער.** 114

---

## ד"ר מ. פינקעלקרויט

ווארשא, קארמעליצקא 23

היילט האלז-, נאזע- און אויערען-קראנקהייטען.

היילט אויך שטאמטערנדע (וועלכע זאאיקען זיך ביים ריידען). (121) 10—6

---

## נעגעז מערידען און פוקלעס!

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר' 50 קאפ.

**Д. МОШК[illegible]ВСКІ[illegible] [illegible]аршава, [illegible]алевки 37.**

(55)

---

# ספעציעללעס אנגרא לאגער

~ היזיגער, ~

רוססישער אונד אויסלענדישער

# זייפע, פערפומעריא

אינד

## קאסמעטיק

ספעציעלל פערקויף פון צייהן-בירשטען

# S. ZUCKERMANN

**Warszawa, Nalewki Nr. 16.**

(39) 16—10

---

## דרוקעריי עט ליטאגראפיע

# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.

(געגרינדעט אין 1860 יאהר)

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם מישך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען אלערליי עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, פאסט-פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט-קארטען וכו'.

אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען

פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(123) אדרעסע: 14—4

Въ Контору паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

Новая Парижская Мастерская

разныхъ

**Фантастическихъ Перьевъ и Цвѣтовъ**

**А. ЛЯКСЪ**

(101) Варшава, Переѣздъ 9. 10—9

---

**Оптическо-Хирургическій Складъ**

подъ фирмою **„АЛЕКСАНДРЪ“**

Варшава, Сенаторская ул. № 22.

עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען **ברוכבענדער** עלעקטרא-גאלוואנישע, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, לייבבאנדער, בויכבאנדער פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פוס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער וועלכע שטערקען די אויגען אויך פערשיעדענע כירורגישע אונד אפטישע געגענשטאנדע פיר קראנקע.

ברוכבענדער ווערדען צוגעפאסט דורך איינען ספעציאליסטען.

(94) 50—9

---

# נייטיג פאר יעדען!
# וויכטיג פאר אלעמען!

— וואס איז אייער טהועכץ? אייער פרנסה? איהר זענט א סוחר? א הענדלער? א קרעמער? א לעהרער? א בעל-מלאכה? וויפיעל פארדיענט איהר א חודש? ... נאר וויפיעל איהר זאלט ניט פארדיענען, קאנט איהר דאך אבשפארען עטליכע פרוטות א טאג, פארזארגען אייערע ווייב און קינדער אויף נאכ'ן טויט; טאמער שטארבט איהר חלילה פאר דער צייט וועלען אייערע קינדער נישט בלייבען אויפ'ן אנדערען טאג אהן ברויט, אייער אלמנה וועט מען נישט דארפען געהן מאכען איבער דער שטאדט קיין נדבות, אייער טאכטער וועט האבען מיט וואס צו געהן צו דער חופה. און טאקי איהר אליין, איהר מעגט אייך לעבען ביז 120 יאהר, קאנט אייך באווארענען אויף דער עלטער מיט א קאפיטאל פון מזומנ'ע קערבלעך. דאס קאנט איהר אויספיהרען נאר דאן ווען איהר פארסטראכירט אייער לעבען, און בכדי צו פערגרינגערען אייך די זאך האט די נייע אסעקוראנץ-געזעלשאפט

**Высочайше утвержденное**

# Генеральное Общества Страхованій жизни

**и пожизненныхъ доходовъ**

אויסגעארבייט פיר אייערטוועגען פריווילעגיעס, וואס קיין געזעלשאפט האט זיי נישט:

א) איהר קאנט אייער פרעמיע צאהלען אלע חודש. — ב) איהר צאהלט נישט פאר קיין פאלים און עס קאסט אייך ניט קיין שום הוצאות. — ג) לגמרי אויף צו צאהלען פרעמיע נאכ'ן זמן, האט איהר דריי חדשים. — ד) האט איהר איינגעצאהלט דריי יאהר קאנט איהר נאכדעם אויפהערען צאהלען פון צוויי ביז דרייצעהן יאהר און איהר זענט אלץ פארסטראכירט (ненарушимость). — ה) געהט איבער דאס ערשטע יאהר איז אייער פאלים באווארענט פון לאדעניש און פון אלסדינג. עס מעג זיין וואס ס'וויל (неоспоримость). — ו) נאך די ערשטע דריי יאהר קאנט איהר מאכען מיט אייער פאלים וואס איהר ווילט, אדער אויפהערען צאהלען פרעמיע און ארויסנעמען איין איינגעצאהלטען פאלים אדער אויסלייהען אויפ'ן פאלים געלד אויף 6% לשנה, וכדומה פארשיעדענע קאמבינאציעס. — ז) אייער קאפיטאל ווערד ארויסגעצאהלט גיך אהן א שום עכוב, און נאר אייך אדער אייערע יורשים; קיין שום ארעסט און קיין שום חוב אויף אייער קאפיטאל ווערד ניט אנגענומען.

אגענטען ווערען געזוכט אומעדום. — ביכלעך, טאריפען, בלאנקען ווערען ארויסגעשיקט איטליכען אומזיסט.

זיך ווענדען צום:

Управляющій Агентствами Генеральнаго О-ва Страхованій жизни М. Л. ЕВЗЕРОВЪ, ОДЕССА.

די פראווליענע פון דער געזעלשאפט איז אין:

10—6 С.-Петербургъ, Невскій 23. (82)